# אינהאַלט:

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

מרדכי גדליה, וואוינט אויפן דאָרף.

פריידעלע } זיינע קינדער.
פּיניעלע }

יידן.

אַן אלטע פרוי.

אַ דאָרפיש שטיבל. קליינע פענצטערלעך. די ווענט שוין לאַנג נישט געקאַלכט. עס קוקט אַרויס די אָרעמקייט פון יעדן ווינקעלע. סוף זומער. אַרום האַלבן טאָג.

**פריידעלע** (קנעט אַ ברויט אין אַ גרויסער דייזשע וואָס שטייט אויף אַ קלעצל אין מיטן שטוב. ס'איז איר שווער; רוט זיך יעדע ווײַלע אָפּ מיט די הענט אין ברויט. מען הערט ווי אַ פור פאָרט צו צום שטוב.)

מרדכי גדליה (קומט אַריין, טראָגט אַ ברעמיע האָלץ.)

פריידעלע: פון וואַנען קומסטו, טאַטע?

מרדכי גדליה: איך פאָר פון וואַלד.

פריידעלע: פירסט האָלץ אין שטאָט אַריין?

מרדכי גדליה: יאָ, מיין קינד. דאָ האָב איך פאַר דיר טרוקענע האָלץ געבראַכט. כ'וועל עס דיר אַריינלייגן אין אויוון.

פריידעלע: איך וועל עס אַליין, טאַטע. בעסער פאָר שוין, וועסטו פריער קומען אַהיים.

מרדכי גדליה: כ'וועל היינט סיי ווי קומען פריער אַהיים. נאָך פאַר שבת האָט מען ביי מיר באַשטעלט די פור האָלץ.

פריידעלע: אַז דו קומסט שפּעט אַהיים איז מיר אומעטיק.

מרדכי גדליה: וואָס מיינסטו, מיר איז אויך אומעטיק, מיין קינד.

פריידעלע: גיי, טאַטע, אַריין און זע וואָס פיניעלע מאַכט.

מרדכי גדליה: האָט ער עפּעס גענומען אין מויל אַריין?

פריידעלע: איך האָב אים געגעבן אין מיילכעלע אַ פרישע סיס־קעלע. ווייסט, טאַטע, נאָך איין שטיקעלע צוקער געבליבן. זאָלסט נישט פאַרגעסן צו ברענגען צוקער פון שטאָט.

מרדכי גדליה: איך קוק ווי דו ביסט פאַרהאָרעוועט, מיין קינד. האָרעוועסט איבער די כוחות.

פריידעלע: ס׳איז מיר ניט שווער. וואָלט נאָר פיניעלע ווערן געזונט.

מרדכי גדליה (גייט אַריין אין אַנדערן חדר.)

פריידעלע (קנעטנדיק): נו, וואָס מאַכט ער? ווייסט, כ׳האָב שוין היינט געוויינט. מיר דאַכט זיך, אַז ווען די מאַמע וואָלט לעבן וואָלט אפשר פיניעלע נישט קראַנק געווען.

מרדכי גדליה (קומט אַרויס): אפשר וועט דער וואָס אין הימל געבן, ער וועט ווערן געזונט.

פריידעלע: ער שלאָפט?

מרדכי גדליה: דאָס פּנימל ברענט.

פריידעלע: ווען די מאַמע וואָלט איצטער געלעבט.

מרדכי גדליה: די מאַמע האָט אַלצדינג מיט זיך מיטגענומען. נישטאָ קיין מזל, נישטאָ קיין מוט.

פריידעלע: ווערסטו אימעצן אין שטאָט פרעגן וואָס צו טאָן?

מרדכי גדליה: אפשר שניידן זיך אים ציינדלעך?

פריידעלע: איך האָב מיטן פינגער געזוכט אין מיילכעלע, זעען זיך נאָך נישט קיין ציינדלעך.

מרדכי גדליה: גענוג דיר שוין זיין צו קנעטן. ווערסט טאַקע באַלד איינהייצן אין אויוון. די מעל געווען טרוקן. ווערט מסתמא באַלד אויפּ־גיין.

פריידעלע: אפשר וואָלסטו היינט, טאַטע, גאָר נישט פאָרן אין שטאָט אַריין... נאָר בעסער טאַקע פאָר; מער ווי איין שטיקעלע צוקער נישטאָ אין שטוב.

מרדכי גדליה: ווי איך זע, האָסטו מורא צו בלייבן אין שטוב אַליין. ס׳איז דאָך בייטאָג, מיטן וועג גייען און פאָרן מענטשן.

פריידעלע: אונדזער שטוב שטייט אַזוי ווייט פון דאָרף.

מרדכי גדליה: נאַריש קינד, וואָס איז דער חילוק? אומעטום גאָטס וועלט. וואָס קען מען טאָן? אפשר אַזוי גזר געוואָרן, די מאַמע זאָל דיך אַזוי יונג לאָזן. מיט איר איז אַלץ אַוועקגעגאַנגען פון שטוב. נישטאָ קיין פריילעכקייט, נישטאָ קיין מזל.

פריידעלע: ווען, טאַטע, ט׳מען שוין מעגן אויסקאַלכן אין שטוב?

מרדכי גדליה: טאַקע זייער חושך אין שטוב. מען וואָלט שוין געמעגט, נאָר צי וועסט עס האָבן כּוח צו טאָן?

פריידעלע: פאַר וואָס ניט? וואָלט מען נאָר מעגן.

מרדכי גדליה: נו, מיין קינד, איך וועל אָוועקפּירן די האָלץ. כ׳וועל היינט קומען פריער. מען וועט טאַקע באַדאַרפן אויסקאַלכן. אפשר וועט מען אימיצן אַריינגעמען אין שטוב, זאָלסט נישט באַדאַרפן זיין אַליין.

פריידעלע: וועמען ווילסטו דען אַריינעמען אין שטוב? מיר צו העלפן?

מרדכי גדליה: נו, אַוודאי, דיר זאָל ווערן אַ ביסל גרינגער. די מאַמע האָט אַזוי געציטערט איבער דיר און איצטער שלאָגסטו זיך אַרויס פון די כּוחות.

פריידעלע: מען באַדאַרף נישט. מיר איז גוט אַזוי אויך.

מרדכי גדליה: איך קען נישט צוזען ווי דו האָרעוועסט אַזוי.

פריידעלע: פאָלג מיך, טאַטע, מען באַדאַרף קיינעם נישט האָבן. איך בין שוין געגנוג גרויס. איך וועל פיניעלען אויך אויסהאָדעווען.

מרדכי גדליה: פיניעלע, זעסטו, באַדאַרף אויך האָבן אַ מאַמע.

פריידעלע: איך וויל נישט, אַז אַ שטיף־מאַמע זאָל דאָ זיין אין שטוב.

מרדכי גדליה: מיינסט, אַז יעדע שטיף־מאַמע איז שלעכט?

פריידעלע (ווײנט זיך פּלוצלונג פונאַנדער): מיר איז גאָר נישט שווער. איך וועל פיניעלען אויסהאָדעווען. איך וועל אין שטוב טאָן אַלצדינג ווי די מאַמע פלעגט עס טאָן.

מרדכי גדליה: דו נאַריש קינד, וואָס וויינסטו? כ׳האָב נאָר געטראַכט, אין שטוב וועט ווערן אַ ביסל ליכטיקער. אפשר וועט זיך ס׳מזל אומקערן.

פריידעלע: זאָל נאָר פיניעלע ווערן געזונט, וועסטו זען, אַז איך וועל נאָך דיר אויך קענען העלפן. איך וועל אים נעמען אויפן האַנט און פאָרן מיט דיר אין וואַלד אַריין. אָט, אַדרבא, קויף אַ קו, וועסטו זען, אַז איך וועל אויפשטיין פאַרטאָג זי אויסמעלקן און אַרויסטרייבן אויפן גראָז.

מרדכי גדליה: דו זעסט אויס אַזוי שלעכט.

**פריידעלע:** ווען די מאַמע וואָלט לעבן, וואָלט איך בעסער אויס־געזען. ס'איז באשר פון זאָרג.

**מרדכי גדליה:** איך וויל דו זאָלסט אויפהערן צו זאָרגן. נאַ, זאָל נאָר ס'קינד ווערן געזונט... וועסט טאַקע באַלד איינהייצן אין אויוון. איך פאָר שוין.

(ער קוקט זי אָן אַ ווײַלע, שווייגנדיק. גייט אַרויס.)

**פריידעלע** (קוקט נאָך דעם טאַטן דורכן פענצטער. אין צווייטן חדר הערט זיך ווי ס'קינד וואָלט אויפגעוואַכט. גייט אַהין. באַלד הערט זיך פון צווייטן חדר איר געזאַנג: „איילי־לולי. פיניעלע דער טאַטע איז געפאָרן האַנדלען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען". קומט אַרויס. דעקט אַריבער דעם ברויט און פאַרנעמט זיך איינהייצן אין אויוון. די שווערע געדאַנקען רייסן זי יעדע ווײַלע איבער פון דער אַרבעט. אַז זי האָט איינגעהייצט, זעצט זי זיך אַנידער לעבן דער דייזשע, אויף דר'ערד, און הייבט אָן שטיל און ציטעריק צו וויינען. אין דער אָפענער טיר באַווייזט זיך אַן אַלטע פרוי מיט אַ פּאַק אויפן פּלייצע געבויגן.)

**די אַלטע:** אַ מזוזה אויפן טיר. אַ יידישע שטוב.

(קושט די מזוזה.)

**פריידעלע:** דאָ וואוינען יידן. קומט אַרײַן.

**די אַלטע:** אַ יידישע ליכטיקע טאָכטער. וואָס זיצסטו אויף דר'ערד? נע, כ'קען גאָר דעם פּאַק נישט אַראָפּנעמען פון פּלייצע. כע, כע.

**פריידעלע:** אָט וועל איך אייך העלפן.

**די אַלטע:** מיין ליכטיקע טאָכטער, אָט אַזוי, האָ. ברעכט די פּלייצע. שווער דער פּעקל. גוטע מענטשן מיר שווער געמאַכט דעם פּעקל.

**פריידעלע:** מען מוז אָפּשניידן דעם שטריק. שווער אַריבער־צונעמען איבערן קאָפּ.

**די אַלטע:** כע, כע, אָט אַזוי האָבן זיי מיר צוגעבונדן דעם פּעקל צום פּלייצע; אָנגעשטאָפּט מיט אַלדאָס גוטס און איצטער טראָג זיך מיט אים. אָט אַזוי, שנייד איבער די שטריק; זשאַלעווע נישט.

**פריידעלע** (שניידט איבער די שטריק. דער פּאַק פאַלט אויף דער ערד): אַזאַ שווערער פּאַק.

די אַלטע (לאָזט זיך אַראָפּ אויפן פּעקל): געלויבט איז גאָט, אין אַ יידישער שטוב. וואו איז די מאַמע?

פריידעלע: די מאַמע געשטאָרבן. פּסח איז זי געשטאָרבן.

די אַלטע: אַ צדקת געווען. נע, און דיר אַזוי יונג געלאָזן. וואו איז דער טאַטע?

פריידעלע: ער האָט אַוועקגעפירט האָלץ אין שטאָט אַריין.

די אַלטע: און וואָס טוסטו?

פריידעלע: איך האָב דעם ברויט פאַרקנאָטן און איינגעהייצט אין אויוון.

די אַלטע: נו, האָסטו געזען, צי דער ברויט גייט אויף? אָט וועל איך שוין אַליין אַ קוק געבן. אַזוי יונג דיך די מאַמע איבערגעלאָזן. גאָר יונג. (דעקט אָפּ די דייזשע.) מהום... עס רירט זיך אַפילו נישט.

פריידעלע: כ׳האָב נישט לאַנג פאַרקנאָטן.

די אַלטע: האָסט דאָך שוין אָבער איינגעהייצט... כ׳זע, דו האָסט געווײנט. אַוודאי אין ברויט אַריינגעווײנט. וואָס?

פריידעלע: איך האָב טאַקע געווײנט. אפשר איין טרער אין גאַנצן איז אַריינגעפאַלן אין דייזשע, וועט טאַקע שוין נישט אויפגיין?

די אַלטע: מע וועט זען. גיב אַהער אַ קישן מיט אַ האַקמעסער. אָט אַזוי דעק אַריבער מיט דער קישן, ס׳זאָל זיין וואַרעם און איצטער לייג אונטער דעם האַקמעסער. ווי ווײנט עס אַ מיידל אין ברויט אַריין?

פריידעלע: אפשר ווילט איר עסן, באָבעשי?

די אַלטע: כ׳זע, דיינע ליפּן זיינען פאַרטריקנט. נאָך אַליין אַוודאי אין מויל נישט געהאַט.

פריידעלע: מיין ברודערל איז קראַנק. זייער קראַנק.

די אַלטע: טע, טע, און דו באַדאַרפסט עס זיין די מאַמע. וואו איז ער?

פריידעלע: ער ליגט אין וויגעלע. אינעם אַנדערען חדר. די אייגעלעך אָפן און ס׳פּנימל זיינס ברענט ווי אַ פייער.

(גייען ביידע אין צווייטן חדר.)

**די אַלטע** (ס׳הערט זיך איר רעדן אין צווייטן חדר): איי אַ קינד, איי אַ קינד ווי די ליכטיקע זון. דו, דו, דו, עפן ברייט די אייגעלעך. אַט אַזוי, לאַכנקע אַביסעלע, לאַכנקע צו דער מאַמען, אַט אַזוי...

(קומען ביידע אַרויס.)

**פריידעלע:** וואָס מיינט איר, ער וועט ווערן געזונט?

**די אַלטע:** געזונט, געזונט. ער איז נישט קראַנק. ציינדעלעך שניידן זיך אים. כ׳האָב אין זעקל אַ וואָלף־ציינדעלע, וועט מען עס אים אָנטאָן אויפן העלדזעלע. און דו, גרויסע מויד, מיינסט ביסט שוין די מאַמע און דעריבער וויינסטו. (קוקט צום ברויט.) אַהאַ, ער רירט זיך... לאָמיר נאָר זען, וואָס הערט זיך אין אויוון. נע, גאָר קנאַפּ האַלץ אַריינגעלייגט. גיי שוין און ברענג אַריין נאָך אַ צוויי שייטלעך האָלץ.

**פריידעלע** (גייט אַרויס.)

**די אַלטע** (בינדט אויף איר זאַק און זוכט דאָרט): אומעטום צרות. אין שטאָט שטאַרבן קליינע קינדער; אין דאָרף שטאַרבן די מאַמעס. אומעטום צרות. אַט אַ נאַריש קינד נעמט און וויינט אין ברויט אַריין.

**פריידעלע** (קומט אַריין מיט אַ ברעמזיע האָלץ): וועט זיין גענוג נאָך פיר שייטלעך האָלץ?

**די אַלטע:** וואַרף עס אַריין אין אויוון. וועט זיין צו הייס, קען מען דעם אויוון לאָזן אויסקילן. נישטאָ וואָס צו קאַרגן האָלץ. שוין אַריינגעוואָרפן? טאָ קום אַהער. אַט איז אַ וואָלף־ציינדל אויפן שטריקל. גיי טו עס אים אָן אויפן העלדזעלע. נאָ.

**פריידעלע:** ס׳איז טאָקע פון אַ וואָלף דאָס ציינדעלע?

**די אַלטע:** פון אַ וואָלפיכע דאָס פאָדערשטע ציינדעלע. גיי טו עס אים אָן.

**פריידעלע:** אָט גיי איך שוין.

**די אַלטע** (זוכט אין פעקל): עס גייען אַרום מאַזלען, עס גייען אַרום פּאָקן; וואו ביסטו דאָרט? קום אַהער, כ׳וועל דיר אָנטאָן אַ רויט בענדל אויפן האַלדז.

**פריידעלע** (קומט אַרויס): שוין, כ׳האָב עס אים אָנגעטאָן.

**די אַלטע:** איצטער קום אַהער, זעץ זיך אַנידער ביי מיר אויפן שויס. כ׳וועל דיר דעם רויטן בענדעלע אָנטאָן. נע, האָסט נאָך גאָר,

גאַר אַ דינע העלדזועלע. ביסט דאָך שוין אַ כּלה־מויד. (קושט איר האַלדז). אַך זיס; אַך זיס... נעמט אַ מאַמע און לאָזט עס איבער אַזאַ קינד אַליין. נו שוין, אָט אַזוי זאָלסטו עס טראָגן אויפן האַלדז, פּאַקן, מאָזלען גייען אַרום אין די דערפער.

פריידעלע: אַ שאָד וואָס דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן.

די אַלטע: שוין לאַנג אַוועקגעפאָרן?

פריידעלע: גאָר נישט לאַנג. אויב איר וועט בלייבן ביי אונדז נעכטיקן, וועט ער נאָך אָנקומען ביז נאַכט.

די אַלטע (באַקומט פון פּעקל אַ קליין לייוונטן זעקעלע): געווען אויף אַ מזל טוב; גוטע מענטשן מיר עס געגעבן. שטעל אונטער די הענט, וועל איך דיר אַריינשיטן... נו, ווייסט וואָס דאָס איז?

פריידעלע: די שוואַרצע זיינען ראָזשינקעלעך און ס׳אַנדערע וואָס איז?

די אַלטע: נאַריש קינד, מאַנדלען איז דאָך עס. אמתע מאַנדלען. שטעל אונטער די הענט, וועל איך דיר נאָך אַריינשיטן.

פריידעלע: גענוג. גענוג. איר גיט דאָך מיר אַוועק גאָר אין גאַנצן.

די אַלטע: ראָזשינקעלעך לאָז מיר אַ צוויי, נאָר די מאַנדלען נעם דיר. זעסט די פאָדערשטע ציין אַרויסגעלאָזן, שווער זיי איינ־צוקייען.

פריידעלע: ס׳האָט אַ טעם ווי יאָדערן פון ניס.

די אַלטע: אָבער ניס, מיין קינד, שמעקט נישט.

פריידעלע: כ׳וועל לאָזן פאַרן טאַטן אַ ביסל.

די אַלטע: כע, כע, ביסט אַ געטריי קינד. ביסט דאָך שוין אַ כּלה־מויד. אומעטום צרות... נעמט אַ מאַמע און לאָזט איבער אַזאַ ליכטיקע טאָכטער. (קוקט צום ברויט.) אָ, ער רירט זיך. פיין, פיין.

פריידעלע: איך וועל עס נאָך באַדאַרפן פיניעלען אויסהאָדעווען.

די אַלטע: די מאַמע אין גן עדן ט׳אים נישט לאָזן פאַלן.

(עס דונערט דרויסן.)

פריידעלע: אוי, ווי ס׳דונערט!

די אַלטע: ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם שכּוחו וגבורתו מלא עולם... נעם, מיין קינד, גיכער שטעל אַוועק אַ גלאָז וואַסער אויפן פענצטער.

פריידעלע (טוט עס): ס׳וועט אפשר אַ רעגן אַרויסגיין און דער טאַטע וועט ווערן אויסגענעצט.

די אַלטע: רק דו דאגהסט.

פריידעלע: גוט וואָס איר זענט אַהער אַריינגעקומען. איר האָט געקענט ווערן אויסגענעצט.

די אַלטע: טע, טע, איז וואָס? שיינט די זון, טריקנט מען זיך אויס. נו, געשמאַק די מאַנדעלעך?

פריידעלע: כ׳וועל זיי באַהאַלטן אויפן פּאָלעצע.

די אַלטע: און שיך האָסטו?

פריידעלע: אויף פסח געמאַכט. זיינען נאָך גאָר ניי. איך גיי אַרום באָרוועס, ווייל איך שאָנעווע זיי.

די אַלטע: וואָס הערט זיך אין אויוון?

פריידעלע: די העלצער וואָס כ׳האָב צוגעוואָרפן האָבן זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן צו סמאַליען.

די אַלטע: טאָ קום אַהער. דאָ האָב איך אין זאַק פאַר דיר אַ קליידל מיט קרייזעלעך און אַ יאַקעלע מיט שפּיצן. זעסט? אַ ביסל צעקנייטשט. אָבער נאָך גאָר ניי.

פריידעלע (שיינט אויף קוקנדיק אויף די קליידער): וואו ט׳איר עס גענומען?

די אַלטע (מעסט צו): אַ ביסל צו ברייט. וועסט נאָך באַדאַרפן צו־וואַקסן.

פריידעלע: אוי, זייער ברייט.

די אַלטע: ביז דיין חתונה, אַז גאָט וועט געבן, וועסטו אויס־וואַקסן פּונקט. לאָמיר נאָר זען דאָס יאַקעלע. ברייטלעך אַ ביסל. ביסט אַ דאַרע מויד. אויסגעהאָדעוועט און דו דאגהסט, וועסט באַ־דאַרפן אויסוואַקסן.

פריידעלע (וויינט): כ׳וועל אפשר נישט אויסהאַלטן, אויב דער טאַטע וועט אַריינגעמען אין שטוב אַ שטיף־מאַמע.

די אַלטע: נו, נו, ווייז נישט. ס׳איז נאָך נישט באַוואוסט. (ביי־זערט זיך גוטמוטיק.) נו, געננוג דיר. כ׳האָב פיינט, אַז מע ווײנט. ניטע. אַט זעסטו, ס׳איז אַ סטענגע. נעם דיר עס. איידער דו וועסט ליכט בענטשן, זאָלסטו עס איינפלעכטן אין קאָפּ.

פריידעלע: ס׳איז זייד?

די אַלטע: נו, אַוודאי זייד. ווער פלעכט דען אין קאָפּ עפּעס אַנדערש?

פריידעלע: איך וועל גיין זען וואָס פּיניעלע מאַכט... (שרייט פון צווייטן חדר) פּיניעלע איז איינגעשלאָפן.

די אַלטע: זאָל ער שלאָפן. וועט אם ירצה השם אויפשטיין געזונטערהייט. האָסט געשטאָכענע אויערן? דאָ האָב איך אוירינגלעך פאַר דיר, נו באַווייז דײַנע אויערן.

פריידעלע (בייגט זיך אַראָפּ צו דער אַלטער): איך ווייס אַליין נישט. אַמאָל האָב איך געהאַט פאָדעם אין די אויערן.

די אַלטע (טאַפּט): יאָ, געווען אַמאָל געשטאָכן, אָבער שוין צוריק פאַרוואַקסן. מהום... מען וועט באַדאַרפן שטעכן איבער אַ נײַס.

פריידעלע: ס׳וועט טאָן וויי?

די אַלטע: אַוודאי וועט וויי טאָן. אָבער, אַז מען וויל גיין אוירינגלעך...

פריידעלע: איך וועל אייך געבן נאָדל פאָדעם.

די אַלטע: עס וועט וויי טאָן. ס׳קען שטאַרק וויי טאָן.

פריידעלע: מיר וועט נישט אַרן.

די אַלטע: האָסטו אַ דינע נאָדל?

פריידעלע: יאָ, גאָר אַ דינע נאָדל. עס וועט זייער וויי טאָן?

די אַלטע: אַז מען איז לוסטיק, טוט נישט וויי.

פריידעלע: טאָ, וועל איך זיין לוסטיק. אַ ווייסן אָדער אַ שוואַרצן פאָדעם?

די אַלטע: נו געוויס אַ ווייסן פאָדעם. מאַך נישט קיין קניפּעלע. נישט בייטיק. כ׳מוז אָבער מיינע שפּאַקולן אויסזוכן. אָן די שפּאַקולן מיינע... שאַ... אַט זיינען זיי. (טוט אָן אַ פּאָר שווערע שפּאַקולן.) כע, כע... וויפל אויערן האָב איך עס געשטאָכן! קום צום פענצטער.

פריידעלע: אוי, כ'האָב מורא.

די אַלטע: טאָ באַדאַרף מען נישט.

פריידעלע: איך זאָג אייך צו, אַז כ'וועל נישט שרייען. נאָט אייך דעם רעכטן אויער.

די אַלטע (נעמט זיך פאַר דער אַרבעט.)

פריידעלע (פאַרבייסט די ליפּן און קאָרטשעט זיך אַזש צונויף, ווען די אַלטע שטעכט.)

די אַלטע: טוט וויי, האַ? אַז מען וויל אוירינגלעך גיין.

פריידעלע: האַ, איך הער ווי דער פאָדעם גייט. אוף־האַ!

די אַלטע: נו, שוין. מער וועט שוין נישט וויי טאָן אַזוי. דער אַנדערער וועט שוין זיין גרינגער. גיב דעם לינקן אויער. (זי שטעכט איר דעם לינקן אויער.) אָט האָסטו דיר. שוין איבערגעקומען. אין דריי חדשים אַרום זאָלסטו די פעדים איבערשניידן און אַרויסציען. און אָט האָסטו דיר די אוירינגלעך. מע זאָגט, ס'איז גאָלד. באַהאַלט דו זאָלסט זיי נישט פאַרלירן.

פריידעלע: אוי, וועט עס זיין שיין! כ'וועל זיי באַהאַלטן אויפן פּאָלעצע לעבן די מאַנדלען.

די אַלטע: וואו וועסטו די קלייד אַהינטאָן?

פריידעלע: די קלייד? כ'וועל וואַרטן, ביז דער טאַטע וועט קו־מען. אָן אים קען איך עס נישט נעמען. ער וועט אייך באַצאָלן דערפאַר.

די אַלטע: שוין באַצאָלט. אָט האָב איך מיר אויסגערוט. איז שוין באַצאָלט. ווער דען וועט עס אָנטאָן, אויב נישט דו? נאַריש קינד, ביסט דאָך שוין אַ כלה־מויד. באַדאַרפסט עס האָבן.

פריידעלע: איך שעם מיך אַזוי.

די אַלטע: וואָס איז זיך דאָ פאַראַן צו שעמען?

פריידעלע: איך בין דאָך נאָך גאָר אַ קינד.

די אַלטע: אַוודאי ביסטו אַ קינד. אַ גאָלדן קינד. ס'איז שיין אַזוי. ביסט אַ יידישע טאָכטער. דער וואָס אין הימל האָט אַן אויג.

(דרויסן לאָזט זיך הערן אַ רעגן.)

פריידעלע: דער טאַטע וועט אַזוי אויסגענעצט ווערן! ווי איז מיר.

**די אַלטע:** נישט נאָר דיין טאַטע אַליין איז איצטער אין וועג. מסתמא באַדאַרף מען, אַז ס'זאָל גיין אַ רעגן.

**פריידעלע:** פון די פעלדער האָט מען דאָך שוין די תבואה אַראָפּ־גענומען.

**די אַלטע:** נו, איז וואָס? דער זאַמדיקער וועג וועט זיך אַ ביסל זעצן. וועט מען די פערד נישט באַדאַרפן אַזוי פאַרשניידן.

**פריידעלע:** דער וועג פון אונדז אין שטאָט אַריין איז זייער אַ זאַמדיקער.

**די אַלטע:** און ס'פערדל מסתמא אַ מאָגערס?

**פריידעלע:** אַ קליין פערדל. אַז מען ליגט אַרויף מיט אַ קלעצל מער, שטעלט ער זיך שוין אילע ווײַלע.

**די אַלטע:** אָט זעסטו, אַז דער וואָס אין הימל ווייסט וואָס ער טוט.

**פריידעלע** (מעסט ווידער צו די קלייד מיטן יאַקל): **ווער איז אין דעם געגאַנגען?**

**די אַלטע:** זעסט דאָך, ס'איז ניי. אַ ביסל צעקנייטשט פון זעקל. אָבער שפּאָגל ניי. קיין שפּרינקעלע אויף דעם נישטאָ.

(ס'הערט זיך, דרויסן איז אימיצער צוגעפאָרן.)

**פריידעלע:** מענטשן פרעמדע! און איך גיי באָרוועס. (זי כאַפּט די קליידער וואָס די אַלטע האָט איר געגעבן און אײַלט אין צווייטן חדר אַריין.)

**די אַלטע** (לאַכט פאַר זיך אַליין גוטמוטיק): **ס'הערצעלע זאָגט, ווען מען באַדאַרף שיך אָנטאָן.**

(עס קומען אַריין צוויי פרעמדע יידן. אַ טאַטע מיט אַ זון זעט אויס זאָלן זיי זיין. ביידע אויסגענעצט פון רעגן.)

**דער ייד:** אַ גאָט העלף, באָבעשי. אַ רעגן אַ ביסל!

**דער יונגערמאַן** (קלאַפּט אָפּ דעם רעגן פון היטל): **וואַרעם דאָ אין שטוב.**

**די אַלטע:** אַ גאָס־רעגן, וואָס?

**דער יונגערמאַן:** אַ דונער געפאַלן לעבן אונדזער וואָגן. ס'פערד זיך אָוועקגעשטעלט דיבאָם.

דער ייד: וואו זענען דאָס די מאַנסבילן?

די אַלטע: קום אַרויס, מיין קינד, געסט זענען געקומען!

פריידעלע (קומט אַרויס. שיך אויף די באָרוועסע פיס.)

די אַלטע: געלאָפן אָנטאָן שיך, כע־כע...

דער ייד: וואו איז דער טאַטע?

פריידעלע: ער איז געפאָרן אין שטאָט אַריין.

דער יונגערמאַן: אפשר דער ייד וואָס האָט געפירט האַלץ, אַזוי מיט אַ דאַר, קליין פערדעלע?

פריידעלע: יאָ, ס'איז מיין טאַטע.

דער ייד: און דאָס איז אַ באָבע מסתמא?

די אַלטע (לאַכט).

דער יונגערמאַן: וואָס לאַכט איר, באָבעשי?

די אַלטע: אַוודאי, אַ באָבע, ווייסט, ווי דען?

דער יונגערמאַן: איך האָב אייך ערגעץ געזען. כ'קען שווערן, אַז דאָס פנים איז מיר באַקאַנט.

די אַלטע: אַ יידיש פנים, וואָס? אין דיין באָבען געראָטן.

דער ייד: אַ קלוגע יידענע. אַ קרובה מסתמא?

די אַלטע: נו, אַוודאי אַ קרובה.

פריידעלע: זיי זענען דאָ דורכגעגאַנגען מיטן וועג, אַריינגעקומען זיך אָפּרוען.

די אַלטע: איר זעט, נאָך גאָר אַ קינד — און וואָס פאַר אַ ברויט זי האָט פאַרקנאָטן.

(זי דעקט אָפּ די דייזשע.)

דער ייד: נעמט אַראָפּ די קישן, וואָרעם ס'וועט אַרויס פון דייזשע.

דער יונגערמאַן: דאָס איז שוין געוועזן איין מאָל אויסגעקנאָטן! נישט אומזיסט אַזוי אויפגעגאַנגען.

פריידעלע: כ'האָב גאָר נישט געקנעטן אַזוי פיל.

דער ייד: נאָ, נאָ, דאָס איז שוין איין מאָל אַ ברויט.

פריידעלע: דער טאַטע וועט ברענגען קאַלך, וועל איך אויס־

קאַלכן אין שטוב. ביז איצטער נישט געטאָרט. די מאַמע איז גע־
שטאָרבן פּסח.

דער ייד: אַזוי, די מאַמע געשטאָרבן. מסתּמא נאָך גאָר יונג
געוועזן, הערסט מיין זון? אַזוי יונג און איז פאַריתומט געוואָרן. און
ווי עס פּירט אַליין אַ שטוב!

פריידעלע: אפשר וועלן די יידן עפּעס עסן? כ'קען אַריינלייגן
קאַרטאָפל אין אויוון, וועלן זיי זיך אָפּבראָטן.

די אַלטע: נו, אַוודאי וועלן די יידן עסן.

פריידעלע: איך וועל לויפן אַריינברענגען קאַרטאָפל פון שטאַל.

(לויפט אַרויס.)

דער ייד: אַ מיידל, אַ פייער. אַ יתומה געבליבן, אַ רחמנות.
ליגט איר נאָך די מילך אויף די ליפּן.

די אַלטע: וואַקסט אַ גרויסע באַלעבאָסטע.

דער יונגערמאַן: אָבער זע נאָר סאַראַ ברויט זי האָט פאַר־
קנעטן, כאַ־כאַ־כאַ...

פריידעלע (קומט אַריין, טראָגט אין שירץ קאַרטאָפל, וואַרפט זיי
אין אויוון אַריין.)

דער יונגערמאַן: געגוג, געגוג... אַ, אַ, אַן אמתער גיהנום איז
אין אויוון.

דער ייד: עס לייטערט זיך אויס דרויסן. איר וועט, באָבעשי,
קענען זיך אַרויפכאַפּן אויף מיין וואָגן; איך וועל אייך אונטערפירן
ביז אַ נאָענטן דאָרף, וואו יידן זענען פאַראַן.

פריידעלע: איר וועט, באָבעשי, ביי אונדז קענען איבערנעכטיקן.
עס שטייט אַליידיקע בעט, וועט איר קענען שלאָפן אין איר.

דער יונגערמאַן: און אַז מיר וועלן דאָ וועלן בלייבן ביז מאָרגן,
וואו וועסטו אַן אָרט מאַכן?

פריידעלע (לאַכט פאַרשעמט): ס'איז פאַראַן ביי אונדז אַ בוידעם
מיט היי.

דער יונגערמאַן: וועט איר מיטפאָרן, באָבעשי?

די אַלטע: וועל איך טאַקע גיין צו פוס. איך באַדאַרף גיין אַהין
פון וואַנען דו ביסט געקומען, מיין זון.

דער ייד: אַ שאָד צו ברעכן אַלטע פּיס. מיר איז שוין שווער צו גיין צו פוס.

מרדכי גדליה (קומט אַריין. נאַס, פאַרהאַרעוועט.)

פריידעלע: אָט איז דער טאַטע. ווי קומסטו אַזוי גיך אַהיים?

דער ייד: דאָס איז דער באַלעבאָס? שלום עליכם.

מרדכי גדליה: כ'האָב געלאָזן מיין טאָכטער גאָר אַליין און איצטער, קיין עין הרע, אַ פולע שטוב יידן. דער רעגן געבראַכט אַהער?

פריידעלע: וואָס ביסטו אַזוי פרי געקומען? ביסט דאָך נאָך אין שטאָט נישט געווען.

דער יונגערמאַן: מיר האָבן אייך באַגעגנט מיט אַ פור האָלץ.

מרדכי גדליה: כ'האָב צו פיל אָנגעלייגט, האָט זיך צעבראָכן אַן אַקס.

פריידעלע: אוי ווי!

די אַלטע: קיין סכנה נישט. יידן וועלן העלפן.

מרדכי גדליה: כ'האָב געזען, אַז היינט וועל איך שוין סיי ווי נישט אָנשפאַרן אין שטאָט, האָב איך ס'פערדל אויסגעשפאַנט און גע־קומען רייטנדיק אַהיים. כ'וויס, געלאָזן זי אַליין און דאָס קליינע איז מיר אויך עפעס נישט מיט אַלעמען. נו, געלויבט איז גאָט, גע־טראָפן אַ פולע שטוב יידן. פון וואַנען פאָרט מען עפעס?

דער ייד: מיר זיינען נישט פון נאָענט.

מרדכי גדליה: דאָס זעט מען. כ'וואוין שוין באַלד אַ יאָר צוואַנציק אין דעם געגנט און עפעס נישט באַקאַנט.

דער ייד: עס קומט נישט אויס מיט דעם וועג צו פאָרן.

מרדכי גדליה: און די באָבע קוקט מיר שוין יאָ אויס אַ ביסל באַקאַנט.

די אַלטע: אַ ייִדיש פנים, וואָס?

מרכי גדליה: וואָלסטו עפעס געמאַכט, מיין טאָכטער, אַן עסן פאַר די יידן.

פריידעלע: כ'האָב אַריינגעוואָרפן קאַרטאָפל אין אויוון אַריין.

דער ייד: ווי איך הער, איז די מאַמע אירע אַוועקגעשטאָרבן?

מרדכי גדליה: פֿאַרפֿינצטערט געוואָרן אין שטוב.

דער ייִד: מען באַדאַרף דעם בטחון נישט אָנווערן.

די אַלטע (צו פֿריידעלען): אַט זע די קאַרטאָפּל זאָלן נישט פֿאַרברענט ווערן.

פֿריידעלע (עסקט זיך ביים אויוון.)

דער יונגערמאַן: איר האָט געהערט דעם גרויסן דונער?

מרדכי גדליה: ער האָט אַ בוים אויסגעבראָכן, געפֿאַלן אויפֿן רעכטן מיטן וועג.

פֿריידעלע (שאַרט אַרויס די קאַרטאָפּל, ברענגט צום טיש. דער עולם רייבט די הענט. נעמט זיך צום עסן, בלאָזן און עסן מיט די שאָלעכץ.)

מרדכי גדליה: קומט איר, באָבע, נעענטער צום טיש. נעמט אַ קאַרטאָפּל.

די אַלטע: נע, ס'וועט שוין אַזוי רעכט זיין.

(זי עסקט זיך ביים פֿייער.)

פֿריידעלע: לאָזט מיר, איך וועל דעם פֿייער צעשאַרן.

מרדכי גדליה: ווי זענען עפּעס די מסחרים אין אייערע קאַנטן?

דער ייִד: די מסחרים שלעכט אויף דער וועלט. נאָר ביי מיר, נישט צו פֿאַרזינדיקן.

מרדכי גדליה: אין דעם געגנט אויך דאָס אייגענע. נישטאָ וואו אַ פּורל האַלץ אָפּצואוואַרפֿן.

דער יונגערמאַן: דאָס איז אייער גאַנצער מסחר?

מרדכי גדליה: ס'הייבן זיך נישט די הענט פֿאַר עפּעס בעסערס.

דער ייִד: מען באַדאַרף נאָר דעם בטחון נישט אָנווערן.

מרדכי גדליה: און וואָס איז אייער מסחר?

דער ייִד: מען האַנדלט מיט תבואה.

דער יונגערמאַן: מיר פֿירן גרויסע געשעפֿטן.

מרדכי גדליה: יאָ, אַז מען קען עס נאָר דערגרייכן.

דער ייִד: אָבער שווערע צייטן אָנגעקומען. דער מסחר פֿאַלט.

מרדכי גדליה: וואוהין פאָרט מען עס איצטער? אויף מסחר?

דער ייד: יאָ... שוין פון זיבעט וועגן; מיין זונס וועגן.

פריידעלע: טאַטע, כ׳האָב נאָך האַלץ צוגעוואָרפן איצטער, האָב איך מורא, וועט זיין צו הייס אין אויוון.

די אַלטע: אָט טשעפּע זיי נישט. זאָלן זיי דאָרטן זיך רעדן. מיר וועלן שוין זיך ווי ס׳איז אָן עצה געבן. זע נאָר דער ברויט זאָל פון דייזשע ניט אַרויסלויפן.

מרדכי גדליה: ס׳קליינע עופהלע איז מיר עפּעס איינגעפאַלן. האָדעווועט זיך אָן אַ מאַמען.

פריידעלע: ווייסט, טאַטע, פּיניעלע איז שוין בעסער. עס שניידן זיך אים ציינדלעך.

דער ייד: קום, מיין זון, וועלן מיר זען וואָס אויף דרויסן הערט זיך. דאַכט מיר, ס׳לייטערט זיך אויס.

(גייען אַרויס.)

מרדכי גדליה: האָט איר, באָבע, געזען ס׳קליינע יתומל?

די אַלטע: אַ ליכטיק קינד, ט׳זיין געזונט.

מרדכי גדליה (גייט אין צווייטן חדר.)

פריידעלע: בלייב ביי אונדז, באָבע. איך וועל דעם טאַטן זאָגן.

די אַלטע: כ׳וועל נאָר ענג מאַכן אין שטוב. נאָכסאָל באַדאַרף מען אַן אַלט מענטש אין שטוב? אָן אַלטע מענטש באַדאַרף נישט פאַרנעמען צו פיל אָרט.

מרדכי גדליה (קומט אַרויס): שלאָפט און די היץ האָט אָפּגעטראָטן.

די אַלטע: וועט זיין געזונט. קיין סכנה. ציינדעלעך שניידן זיך אים.

מרדכי גדליה: ווען די מאַמע וואָלט עס לעבן. (די יידן קומען ווידער אַריין.) נו וואָס, עס לייטערט זיך אויס? מיין וואָגן האַלץ וועט שוין מסתמא איבערנעכטיקן אויפן וועג. כ׳וועל נאָך באַדאַרפן גיין אין דאָרף אַריין ערגעץ אַנטלייען אַן אַקס.

דער ייד: אפשר וועלן מיר זיך נאָך אומקערן צוריק. מען וועט קענען נעמען מיין וואָגן.

מרדכי גדליה: וואוהין איז מען עס געפֿאָרן? טאַקע אַהער? דאָ עפּעס אַן עסק געמאַכט?

דער ייד (שמייכלט): נאָך נישט באַוואוסט. אפשר וועט מען דאָ מאַכן מסחר. ווי רופֿט מען אייך?

מרדכי גדליה: נישט באַקאַנטלעך ביינ׳אייך. מרדכי גדליה איז מיין נאָמען, נאָך אַ זיידן.

דער ייד: און איך בין בנימין מינטשיצער.

מרדכי גדליה: אַזש פֿון מינטשיץ!

דער יונגערמאַן: גערעכנט נאָך האַלבע נאַכט אַרויסגעפֿאָרן.

מרדכי גדליה: מיט מיין פֿערדל וואָלט איך נאָך היינט דאָ נישט אָנגעשפּאַרט.

בנימין: ווי אַלט איז אייער טאָכטער?

מרדכי גדליה: שוין זעכצן יאָר, קיין עין הרע. אַ בריה ווי די מאַמע אירע, זאָל זיין אין גן־עדן.

פֿריידעלע: וואָס באַדאַרפֿסטו מיך אַזוי לויבן, טאַטע?

בנימין: דאָס איז אַ בן יחיד. יצחק איז זיין נאָמען, נאָך אַן עלטער־זיידן.

(יצחק און פֿריידעלע קוקן זיך דורך. ביידע פֿאַרשעמטלעך.)

די אַלטע (לאַכט גוטמוטיק): האַ, געלאָזן אין אויוון צוויי קאַר־טאָפֿל. גאָר פֿאַרברענט געוואָרן.

מרדכי גדליה: אַזוי גאָר, אויך אַ בן יחיד. העלפֿט מסתמא דעם טאַטן. ווען איך וואָלט האָבן אַ גרעסער יינגל אין שטוב, וואָלט ער מיר אויך געווען אַ ביסל באַהילפֿיק.

בנימין: איך פֿאָר עס איצטער אָנקוקן אַ כּלה פֿאַר אים. נאָך גאַנצע צען מייל פֿון דאַנען.

מרדכי גדליה: וויטלעך.

בנימין: איך זאָג אייך, אַז ס׳איז צו וויט. ס׳איז שוין אַ לאַנגע מעשׂה אין דעם. כ׳האָב מיר געטראָפֿן אַרום שבֿועות אויף אַ יריד מיט אַ מענטשן, אַ ביסל באַקאַנטלעך. מען האָט זיך צונויפֿגערעדט... און דאָ אַנומלט האָט ער ווידער באַפֿוילן דורך זיינעם אַ קרובֿ. טראַכט איך מיר, די צייט איז שטיל, ס׳פֿערד עסט דעם האָבער, אָט לאָמיר

זיך אַריבערכאַפּן. אָבער איך טראַכט אַליין — ס׳איז אַ ביסל ווייט־לעך... (ווענדט זיך צו פריידעלען.) ווי רופט מען דיך?

פריידעלע: פריידע לאה.

מרדכי גדליה: איר מאַמעס אַ מאַמע געווען.

בנימין: פאַרשטייט איר מיר, די געגנט דאָ געפעלט מיר זייער. געדיכטלעך דערפער אַרום, און די פעלדער קוקן מיר אויס אַ ביסל חשובער ווי אין מיין געגנט.

מרדכי גדליה: די היגע תבואות האָבן אַ שם.

יצחק: ווען איך וואָלט דאָ אין דעם געגנט געזעסן, אָ, אָ!

מרדכי גדליה: איך ווייס עס אַליין. נו איז מען געבליבן ווי אויפן וואַסער. הייבן זיך נישט די הענט.

בנימין: איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, דער רעגן האָט מיך אַהער אריינגעבראַכט. כ׳זיץ און טראַכט, אפשר איז עס אַ גאָט־זאַך. איר זענט אַ ייד וואָס געפעלט מיר. מילא, אָרעם איז קיין חרפה נישט. און דער עיקר דער געגנט.

מרדכי גדליה: איך זאָג אויך, אַז דער געגנט איז אַ פיינער.

בנימין: וואָס זאָגסטו, מיין זון, אפשר טאַקע אַ שאָד צו טרייבן ס׳פערד נאָך גאַנצע צען מייל?... איר הערט, באָבע, וואָס מיר רעדן דאָ? וואָס זאָגט איר?

די אַלטע: וואָס זאָל איך זאָגן? געבענטשט זאָל זיין אַ יידישע שטוב. כּע, כּע, עשירות, אָרעמקייט, אַלץ פון גאָט. נו, זאָל זיין גע־בענטשט אַ יידישע שטוב.

בנימין: כאַ, כאַ, אַ קלוגע אַלטע, ווי איך בין אַ ייד. אַלץ פון גאָט, וואָס זאָלן מיר זיך דאָ נאַרן?

מרדכי גדליה: די גאַנצע זאַך גאָר קשהדיק, עפּעס גאָר אַ וואונדער. (לאַכט.) עפּעס טאַקע... נישט צו גלייבן. וואָס זאָל איך זאָגן?

בנימין: איך וויל מיין זון לאָזן אין דעם געגנט. ער וועט דאָ אָנהייבן פירן מסחר — אַז מען האָט אַ גוט פערד איז עס קיין מינטשיץ נישט אַזוי שטאַרק ווייט. נו וואָס זאָגסטו, מיין זון, האָסט חשק צו פאָרן ווייטער?

מרדכי גדליה (צו פריידעלען, וואָס שטייט לעבן אויוון מיט אַ צעפלאָמט פּנים): דו הערסט, מיין קינד, וואָס מען רעדט דאָ?... כ׳ווייס, כ׳וואָלט פאַר איר קענען האָבן אַ שטיקל נדן...

פריידעלע (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ פאַרשעמט.)

בנימין: וואָס איז דאָ פאַראַן אַ סך צו רעדן. וואָס באַדאַרף דען מיין קינד נדן? לאָמיר דאָ איבערנעכטיקן. קום נאָר אַהער, טאָכטער, אָט זעסטו, ס׳איז מיינער אַ זון, אַ בן־יחיד. ס׳פעלט אים גאָר נישט. די מאַמע מיט פוטער געקאָרמעט.

מרדכי גדליה: איר מאַמע זאָל זיין אין גן עדן האָט אויך איבער איר געציטערט.

בנימין: וואָס איז דאָ צו באַלאָמוטשען, אויב ס׳איז אַ גאָט־זאַך. געפאָרן אָנקוקן אַ כּלה, נו האָט גאָט געמאַכט, איך זאָל גאַנצע צען מייל פאַרשפּאָרן ס׳פערד צו טרייבן. גיט אַ האַנט, ר׳ מרדכי גדליה... מיין יידענע וועט אויך זיין צופרידן — געוויינט וואָס כ׳פיר איר בן־יחיד אַוועק אין אַזאַ ווייטקייט.

מרדכי גדליה: מילא מען איז דאָך יידן. מען זעט דאָך, ס׳איז אַ גאָט־זאַך...

בנימין: יאָ, כ׳מיין אפשר זאָל איך שיקן נאָך דער יידענע מיינער... טאָ גיט אַ האַנט, ר׳ מרדכי גדליה.

יצחק: איך וועל די שטוב אַראָפּוואַרפן. כ׳וועל בויען אַ גרעסערע לעבן וועג.

מרדכי גדליה: ס׳האָלץ איז גוט. מען וועט אפשר באַדאַרפן צו־בויען נאָך אַ האַלבע שטוב.

די אַלטע: די זון האָט זיך שוין באַוויזן. אַזוי גיך זיך אויס־געלייטערט. נו, כ׳וועל שוין גיין.

פריידעלע: בלייבט דאָ, באָבעשי, ביז מאָרגן.

מרדכי גדליה: טאַקע, וואוהין? בלייבט שוין דאָ נעכטיקן.

בנימין: מען וועט אייך אונטערפירן שפּעטער אַ ביסל.

יצחק: כ׳וועל אייך אָפּפירן וואו איר באַדאַרפט.

די אַלטע (קלייבט צונויף איר פּעקל): אַן עבֿרה צו זיצן אַזוי לאַנג אויף איין אָרט.

יצחק: וואָס איילט איר זיך? בלייבט דאָ.

פריידעלע: בלייבט דאָ, באָבע, איך וועל ווייזן וואָס איר האָט מיר איבערגעלאָזן.

די אַלטע: נישט איצטער. שפּעטער, אַז מען וועט באַדאַרפן.

מרדכי גדליה: איר זענט דאָך הונגעריק.

די אַלטע: אַבי די זון האָט זיך שוין באַוויזן. ביז נאַכט נאָך אָנשפּאַרן וואו אויף אַ נאַכט־לעגער.

מרדכי גדליה: נו גייט. געזונטערהייט. (ער העלפט איר אָנטאָן דעם פּעקל.)

די אַלטע: געלויבט איז גאָט. אַ ביסל גרינגער געוואָרן דער פּעקל.

בנימין: אַן אַלט מענטש, געקענט אונטערפירן.

פריידעלע: אָט וועל איך אייך אַריינלייגן געבראָטענע קאַרטאָפל אין פּעקל.

(טוט עס.)

די אַלטע (קושט פריידעלען): נו, נו, זיי געזונט. גיב אַכטונג אויפן קינד. געלויבט איז גאָט, ס׳פּעקל גרינגער געוואָרן. אַ גוטן טאָג. (קושט די מזוזה און כאַפּט נאָך אַ קוק אין אויוון.) זע, מיין קינד, אין אויוון וועט ווערן צו קאַלט.

(גייט אַרויס, אַלע באַגלייטן זי מיט די בליקן, ווינטשנדיק איר אַ „גייט־געזונט״.)

מרדכי גדליה: זע טאָקע, מיין קינד, אַז דער אויוון זאָל נישט אויסקילן.

בנימין: וועלן מיר טאָקע באַלד זען, ווי פריידעלע וועט עס אַ ברויט באַקן?

פריידעלע (פאַרקאַשערט די אַרבל און הייבט אָן אַרויסצושאַרן מיט דער קאָטשערע די רויטע קוילן פון אויוון. אַלע דריי מאַנצבילן שטייען פון ווייטן און קוקן מיט גרויס ליבע צו איר אַרבעט.)

1915.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

פנחס פיינבערג.

רבקה, זיין שנור.

ראָזי, איר טאָכטער.

אהרן.

דוד קאַפּלאַן.

העלער.

אַן אַלטמאָדיש, רייך געמעבלירט צימער. געגנוג פענצטער. רעכטס צוויי טירן. אין הינטערגרונט די אַריינגאַנגסטיר. סוף זומער. אַרום האַלבן טאָג.

**ראָזי** (קומט אַן. בלייבט אין טיר, רעדט צו עמיצן דרויסן): **קום אַריין, וועסטו זיצן ביי מיר אין צימער.**

**העלער** (באַווייזט זיך אויפן שוועל): **דיין מוטער לײַדט דער־פון.**

**ראָזי: זי וועט דיך נישט באַליידיקן ביי זיך אין שטוב.**

**העלער: נישט דערפאַר. איך וויל איר נישט פאַרשאַפן קיין עגמת נפש. גוט, כ'וועל זיצן אַ ווײַלע ביי דיר אין צימער.**

(ער גייט אַריין אין צימער.)

**ראָזי: מאַמע, מאַמע!**

**רבקה** (קומט אַרויס פון דעם אַלטנס צימער, פאַרזאָרגט, נידער־געשלאָגן): **שריי נישט אַזוי, מיין קינד, ער איז נאָר וואָס איינגע־שלאָפן.**

**ראָזי: וואָס מאַכט ער?**

**רבקה: איך וועל עס נישט אויסהאַלטן.**

**ראָזי: וואָס קוקסטו מיר אַזוי אָן גלייך ווי איך וואָלט געווען שולדיק?**

**רבקה: האָסט קיין רחמנות נישט אויפן זיידן, טאָ האָב רחמנות אויף מיר.**

**ראָזי: איך וועל דאָ דערשטיקט ווערן אין שטוב.**

**רבקה: ער האָט נאָר וואָס געפרעגט אויף דיר. ער לאָזט דיך פון די ליפּן נישט ראָפּ.**

ראָזי: איך קען אים נישט מאַכן צוריק יונג.

רבקה: ווען דו וואָלסט געדענקט דעם טאַטן דיינעם, וואָלסטו ערשט וויסן ווער עס גייט אַוועק פון דער וועלט.

(ווישט די טרערן.)

ראָזי: אַ מענטש לעבט נישט אייביק.

רבקה: ס'איז טאַקע אַלץ אמת, אָבער נישט אַזוי האָט עס געדאַרפט זיין.

ראָזי: איך בעט דיר רעד מיר נישט דערפון. כ'האָב דיר געזאָגט, אַז כ'בין אים אַלץ מוחל. זאָל ער אָפּשרייבן זיין פאַרמעגן פאַר וועמען ער וויל. אַ מענטש וואָס קלייבט זיך שטאַרבן באַדאַרף נישט שטיין אין וועג דעם וואָס באַדאַרף נאָך לעבן. איך וויל לעבן!

רבקה: נו, גוט. ווער לאָזט דיר נישט לעבן?

ראָזי: דו מיטן זיידן. כ'ווייס נישט וואָס איר ווילט פון מיר.

רבקה: מאַכסט זיך אומגליקלעך.

ראָזי: זאָל עס קיינעם נישט אַרן. כ'וועל דאָ דערשטיקט ווערן אין שטוב.

רבקה: אָבער אַריינגיין צו אים קענסטו דאָך. ער וויל דיך זען.

ראָזי: וואָס באַדאַרף ער מיך?

רבקה: ווייסט, וואָס באַדאַרף ער דיך... ער איז דאָך דיין זיידע. ער וויל דיך זען.

ראָזי: איך וועל צו אים מער נישט אַריינגיין. וואָס ווילסטו פון מיר האָבן?

רבקה: איך וויל נאָר, דו זאָלסט וויסן, אַז דער זיידע ליגט אויפן טויטן־בעט און דו פירסט זיך אויף...

ראָזי: מאַמע, כ'בעט דיר, לאָז צורו. כ'וועל צו אים נישט אַריינגיין.

רבקה: ביסט ס'איינציקע וואָס איז איבערגעבליבן פון זיין זון.

ראָזי: איך ווייס וואָס ער וויל מיר זאָגן און דעריבער וויל איך צו אים נישט אַריינגיין. איך קען זיין בליק נישט איבערטראָגן. זיינע בליקן גייען מיר נאָך.

רבקה: ער לאָזט דיך פון מויל נישט אַרויס.

ראַזי: זאָל ער מיר נישט שטיין אין וועג.

רבקה: ער וויל זיין אייניקל זאָל חתונה האָבן מיט אַ שיינעם יידן און ער איז גערעכט.

ראַזי: ער האָט מיר נישט צו זאָגן קיין דעה.

רבקה: איך וויל עס אויך. הערסט, איך וויל עס.

ראַזי: שוין, זאָג מיר וואָס נאָך ווילסטו פון מיר? אָט אַדרבה זאָג מיר וואָס איז אַ שיינער ייד? איך ווייס עס נישט. מיר איז שיין דער וועמען איך האָב אויסגעקליבן.

רבקה: טאָ פאַר וואָס ווילסטו צו אים נישט אַריינגיין? כ'ווייס, אַז נישט מיט דיין אייגענעם שכל טוסטו עס. ווארעם מיין קינד האָט גאָר נישט געקענט זיין אַזוי שלעכט.

ראַזי (גייט צום טיר פון איר צימער): העלער, קום אַרויס אויף אַ מינוט.

רבקה: ער איז דאָ אין שטוב, איך וויל אים נישט קאָנען!

העלער (קומט אַרויס): אָט בין איך ביי אייך אין שטוב. אַנטשולדיקט מיר. אויב איר ווילט עס נישט, וועל איך אַרויסגיין.

רבקה: וואָס ווילט איר האָבן פון מיר? איר ברענגט אַן אומגליק אויף מיין שטוב.

העלער: פאַרקערט. נאָך מיט אַ ווײַלע פריער האָב איך ראַזין געבעטן אַז זי זאָל צוג'אים אַריינגיין. איך וויל אַליין זיך זען מיט אים. זאָל ער מיר זאָגן וואָס ער האָט צו מיר.

רבקה: מיין קינד איז צו מיר קיין מאָל נישט געווען אַזוי פרעמד.

העלער: איך אַליין האָב איר געהייסן, זי זאָל זיצן לעבן זיידנס בעט. זי האָט עס מיר צוגעזאָגט.

ראַזי: איך וועל נישט גיין.

העלער: איך וועל אַליין גיין צו אים.

רבקה: ניין, ניין, מען באַדאַרף נישט. צוליב אייך איז ער קראַנק. איר ביידע פאַרקירצט אים זיינע יאָרן.

העלער: איר זענט אַ מוטער פון אייער קינד און איר טאָרט נישט רעדן אַזוי.

רבקה: איך מעג פארלאנגען אז מיין קינד זאל זיין גליקלעך, איר הערט?

העלער: איך וויל, איר זאלט מיר פארשטיין.

רבקה: איך וויל אייך נישט פארשטיין.

העלער: וואס האט איר צו מיר?

רבקה: איך וויל, איר זאלט לאזן צורו מיין קינד.

העלער: איך וועל עס טאן, אבער פריער וויל איך רעדן מיטן אלטן.

ראזי: דו וועסט נישט אריינגיין צו אים.

העלער: איך פארשטיי נישט פארוואס.

ראזי: איך האב פאר אים מורא, און דו באדארפסט צו אים נישט גיין.

העלער: איך וויל מיט אים רעדן; איך וועל אים באווייזן אז ער באדארף זיין קינד נישט שטיין אין וועג.

רבקה: נישט ער איז אין דעם שולדיק; איך אליין זאג אז איר זאלט מיך און מיין קינד צורו לאזן.

העלער: איך ווייס, אז איר האט צו מיר גאר נישט; ווען דער אלטער זאל נאר ניט שרעקן מיטן אפשרייבן זיין פארמעגן פאר שטאט —

רבקה: איך וויל נישט גיין צוליב אייך איבער די הייזער. איך קען אייך נישט און מיין קינד איז נאך צו יונג. זי וועט אן דער מאַ־מען נישט טאן אזא זאך.

דוד קאפלאן (קומט אריין): א גאט־העלף.

רבקה: א גוט־יאר. מיין שווער האט היינט צוויי מאל געפרעגט אויף אייך.

ראזי (רעדט מיט העלערן ביים טיר. זיי גייען בידע אריין צו איר אין צימער. זי קומט באלד ארויס צוריק.)

דוד קאפלאן: מען האט היינט פון זיינעט וועגן געזאגט אין שול תהילים. וואס מאכט ער?

רבקה: זייער שוואך.

דוד קאפלאן: מען האט מיך געשיקט פון שטאט זיך דורכרעדן

מיט אים וועגן אַ פּאָר נייטיקע זאַכן. ער האָט צוגעזאָגט נאָך פּאָר אַ יאָרן, אַז ער וועט שטאָט העלפן. איצטער שמועסט מען, ער האָט אַלץ אָפּגעשריבן פאַרן אייניקל.

רבקה: הערסט, מיין קינד?

דוד קאַפּלאַן: דאָס איז עס אייער טאָכטער? אויף דיין מזל פּאַלט אויס אַזאַ עשירות; נו ווערסטו וויסן וואָס צו טאָן מיטן זיידנס פאַר־מעגן?

ראָזי: איך ווייס גאָר נישט.

דוד קאַפּלאַן: ווינציק יידן אַזעלכע איבערגעבליבן. ווערסטו וויסן וואו צו געבן און וואו צו שפּאָרן?

ראָזי: דערווייל איז עס נאָך זיין פאַרמעגן.

דוד קאַפּלאַן: אַזוי רעדן היינטיקע קינדער. יאָ, קען מען אַריינ־גיין צו אים?

רבקה: מיר דאַכט, אַז ער איז איינגעשלאָפן.

דוד קאַפּלאַן: שיין געפּירט זיין וועלט. זיין אָרט וועט בלייבן ליידיק. מען האָט אַלץ געהאָפט, אַז ער אַליין וועט נאָך דעם בית־יתומים בויען. כ'האָב מיט אים גערעדט וועגן דעם.

רבקה: הערסט מיין קינד?

דוד קאַפּלאַן: האָט נאָר נישט קיין פּחד. ס'וועט נאָך בלייבן גענוג פאַר אייער קינד. איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס עס איז געווען זיין ווילן.

רבקה: איר האָט אַ גרויסן טעות, אויב איר מיינט, אַז ער פאַר־מאָגט אַזוי פיל.

דוד קאַפּלאַן: פאַר וואָס זאָל מען נישט וויסן? ווער ווייסט עס נישט זיינע הייזער אין שטאָט?

(גייט צום חולהס טיר.)

רבקה: ער איז זייער שוואַך; גלייכער מען זאָל אים לאָזן צורו.

דוד קאַפּלאַן: איר זאָגט דאָך, אַז ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר. אפשר האָט ער עפּעס נייטיקס צו זאָגן.

(גייט אַריין אין צימער און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.)

ראַזי: וואָס באַדאַרף ער דאָ?

רבקה: האָסט דאָך געהערט וואָס ער האָט גערעדט. אונדז וועט נאָך אויסקומען אַוועקצוגיין איבער די הייזער.

ראַזי (גייט צום קראַנקנס טיר און הערט זיך איין.)

רבקה: זעסטו ווי דו ציטערסט.

ראַזי: גיי, מאַמע, אַריין און הער וואָס ער רעדט מיט אים.

דוד קאַפּלאַן (קומט אַרויס): איך וועל גיין רופן נאָך אַ פּאָר מענטשן. ער וויל שרייבן אַ צוואה.

רבקה: וואָס?!

דוד קאַפּלאַן: איר הערט דאָך, ער וויל שרייבן אַ צוואה.

רבקה: ער האָט דאָך שוין איין מאָל געשריבן.

דוד קאַפּלאַן: אפשר וויל ער דאָרט עפּעס איבערמאַכן. כל זמן אַ מענטש לעבט, קען ער טאָן מיט זיין פאַרמעגן וואָס ער וויל.

רבקה: איך בין אַן אומגליקלעכע אַלמנה מיט אַ יתומה. מיר וועלן נאָך באַדאַרפן אָנקומען צו לייטן. ראַזי, קינד מיינס, גיי אַריין צום זיידן, בעט אים, ער זאָל אונדז נישט פאַרגעסן.

דוד קאַפּלאַן: איר ווייסט וואָס עס הייסט דער ווילן פון אַ גוסס? ווער זענט איר אַזעלכע וואָס איר ט׳זיך איינשטעלן אַנטקעגן דעם ווילן פון פּנחס פיינבערג?! (צו ראַזין.) ווייסט אַז דו ביסט מקצר זיינע יאָרן?!

ראַזי: איר האָט נישט קיין דעה צו זאָגן אויף מיר.

דוד קאַפּלאַן: שעמען האָט איר זיך באַדאַרפט אַזוי צו רעדן. אַזוי זיך צו פאַרגעסן.

רבקה: ס׳האַרץ איז איר נעבעך פאַרביטערט.

דוד קאַפּלאַן: איך בין נאָר אַ שליח פון שטאָט, און מער גאָר נישט.

(גייט אַרויס.)

רבקה: מיין קינד, האָב רחמנות אויף מיר. באַלד וועט אַלצדינג זיין פאַרפאַלן. גיי אַריין צו אים. זאָג אים, אַז ער איז מחויב צו האָבן דיך אין זינען. (קושט זי.) וועסט אַריינגיין צו אים, יאָ? זאָג אים צו, אַז דו וועסט אים פאָלגן און דערנאָך וועט מען זען אפשר...

**פנחס פיינבערג** (עפנט די טיר און באַוויזט זיך אויפן שוועל. ער איז שוואַך, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס. די פרויען פאַר־וואונדערט און צעטומלט.)

**רבקה:** גאָט איז מיט אייך. איר וועט דאָך נאָך פאַלן.

(נעמט אים אונטערן אָרעם.)

**פנחס פיינבערג:** כ׳האָב נאָך כוח... אָט אַזוי האַלט מיך צו. כ׳וועל מיר אַביסל דורכגיין איבערן שטוב.

**רבקה:** אפשר איז טאַקע גלייכער, וואָס איר זענט אַראָפּגע־גאַנגען.

**פנחס פיינבערג** (באַמערקט ראָזין): אָט איז זי, כאַ. מיר האָט מען געזאָגט, ביזט אַוועקגעפאָרן. כאַ, געלאָזן אַליין דעם זיידן און אַוועקגעפאָרן.

(ער לאָזט זיך אַראָפּ אין אַ טיפן שטול. נעמט ניט אַראָפּ קיין אויג פון ראָזין.)

**ראָזי:** וואָס מאַכסטו, זיידע?

**פנחס פיינבערג:** קום נעענטער. האָסט מורא פאַרן זיידן. כאַ, אַזוי פון וייטן.

**ראָזי:** אָט בין איך.

**פנחס פיינבערג:** קום אַהער, נאָך נעענטער. די אויגן זיינען מיר שוואַך. כ׳האָב דיך געגאַרט צו זען און דו, ביזט אַוועקגעפאָרן, האָט מען מיר געזאָגט. ווי קומט עס, האַ?

**רבקה** (מיט טרערן): וואָס קען איך מאַכן? איך בין נישט שול־דיק.

**פנחס פיינבערג:** צו וואָס גענאַרן אַ זיידן? כאַ, זאָגט מען, ס׳אייניקל וויל דיך נישט זען. נישט אמת, כאַ?

**ראָזי:** איך האָב דיך ליב, זיידע, און כ׳האָב דיך געוואָלט זען.

**פנחס פיינבערג:** האָסט מיך האַלט, זייער האַלט, דאָך ביסטו מיר נישט קיין זון פון מיין זון געבוירן און גאָר פרעמד... געגאַרט דיך אָנצוקוקן, אפשר האָסט מיך האַלט, זייער האַלט... דאָך ביסטו מיר נישט קיין זון. פון ס׳פּנים פון מיין קדיש זען; געמיינט איך טאָטן געראָטן, כאַ, גענאַרט מען מיך.

ראַזי: כ׳האָב דיר זיידע נישט געוואָלט אָנטאָן קיין צער.

פּנחס פיינבערג: צער... כאַ, כאַ... ווייסט נישט וואָס ס׳איז. ווי קומט אַ קינד צו וויסן? אַ זיידע יאָ, ער ווייסט. כ׳האָב מיר מטריח געווען צו דיר. געוואָלט דיך זען, כע — כע — געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר אין שטוב. מיך געניאַרט מען נישט. וואָלסטו געווען אַ קדיש, מיינס אַ גלייכן, כאַ...

ראַזי (וויינט): וואָס ווילסטו פון מיר, זיידע?

פּנחס פיינבערג: ניטע. מען באַדאַרף נישט וויינען. האָסט אַ שטאַרקן רצון, אמת, נישט צו גיין אויפן גלייכן וועג. נו, וואָס ט׳איר דאָ טאָן מיט מיין פאַרמעגן? נאָך נישט באַטראַכט וואָס צו טאָן? ווערסט פירן אַ יידישע שטוב, האָ?

ראַזי: איך ווייס נישט ווי אַזוי צו פירן אַ יידישע שטוב.

פּנחס פיינבערג: נישט געלערנט? קענסט מיך נישט? נישט דיין זיידע? קוק מיך אָן; פּנחס פיינבערג, יאָ?...

ראַזי: איך בין נאָך יונג און ווייס גאָרנישט.

פּנחס פיינבערג: נישט אמת! אַז ביסט יונג געווען האָסטו נישט גערעדט מיט אַזאַ העזה. און וואָס זאָגט די מאַמע?

רבקה: איך האָב שוין אויסגעוויינט מיינע אויגן.

פּנחס פיינבערג: וויינט נישט. מען באַדאַרף נישט. כ׳פאַרלאַנג נישט... ווערסטו געבן צדקה פון מיין פאַרמעגן?

ראַזי: פרעג מיר נישט. דו לעבסט דאָך נאָך. איך וויל, דו זאָלסט נאָך לאַנג לעבן.

פּנחס פיינבערג (לאַכט מיט אַ שוואַכן קינדערשן געלעכטער): אָט דאָס איז קלוג געזאָגט. ווילסט כ׳זאָל לעבן, כי, כי, כי...

רבקה: אוודאי וויל זי, איר זאָלט זיין געזונט און שטאַרק; וואָרעם וואָס קען, חלילה, פון אונדז ווערן?

פּנחס פיינבערג: גענוג געלעבט. ס׳קומט מיר נישט מער.

(קוקט זיך אַרום.)

ראַזי: וועמען זוכסטו, זיידע?

פּנחס פיינבערג: דוד איז געווען ביי מיר; ער איז אַוועקגעגאַנגען?

רבקה: די שטאָט וויל ביי איך אַלצדינג צונעמען.

פּנחס פיינבערג: איך גיב מיט מיין אייגענעם ווילן. כ׳האָב נאָך אַ ווילן.

רבקה: וואָס וועט ווערן מיט אונדז?

פּנחס פיינבערג (לאַכט זיך פֿאַנאַנדער): האָ, אַ בן תשעים זאָל פֿאַר אייך זאָרגן? יונגע מענטשן; פֿאַראַן אַ גאָט, אַ גרויסער גאָט, ער דאגהט. איך קען נישט פֿאַרזאָרגן.

(נעמט נישט אַראָפּ קיין אויג פֿון ראָזין, וואָס שטייט אַנגעשפּאַרט לעבן זיין שטול.)

ראָזי (הייבט אָן וויינען): וואָס ווילסטו פֿון מיר? פֿאַרוואָס פּייניקסטו מיך? איך בין דאָך שוין אַן עלטער קינד; צי האָב איך דיר נישט געפֿאָלגט אַ מאָל?

פּנחס פיינבערג (נעמט איר האַנט וועלנדיק זי באַרואיקן און ווערטער. שווייגן אַלע אַ צייט. וויל זיך אויפשטעלן, פֿאַלט צוריק אין זיין שטול): זאָגסטו, אַז דו וועסט פֿאָלגן אַ זיידן. כאַ, כ׳וועל דיר גלייבן ווען דו וועסט מיר צוזאָגן.

ראָזי: וואָס האָסטו צו אים? דו קענסט אים נישט.

פּנחס פיינבערג: איך האָב פֿאַר דיר אויסגעקליבן אַן ערלעכן יידן. אַ זון פֿון צדיקים.

ראָזי: וואָס שווייגסטו, מאַמע? דו קענסט דאָך זאָגן...

פּנחס פיינבערג: כ׳וועל אַלצדינג אָפּגעבן שטאָט; אויף צדקה.

ראָזי: זאָג דו אים מאַמע, אַז אומזיסט באַשטראָפֿט ער מיר. וואָס האָט ער צו אים; ער קען דאָך אים נישט אַפֿילו. איך קען זיך נישט לאָזן טרעטן מיט די פֿיס.

פּנחס פיינבערג: נישט לאָזן טרעטן מיט די פֿיס... כאַ, גערעכט. דער זיידע האָט זיך אויך נישט געלאָזט טרעטן מיט די פֿיס... טאָ רוף אים אַהער, כ׳וויל אים פֿרעגן, וואָס ט׳ער טאָן מיט מיין פֿאַרמעגן.

רבקה: גיי רוף אים אַריין.

ראָזי: איך וויל נישט.

פּנחס פיינבערג: ווער, האָ?

העלער (קומט אַריין. גייט גלייך צום אַלטן) : אָט בין איך ! כ'האָב שוין עטלעכע מאָל געוואָלט אַריינגיין צו'אייך.

פנחס פיינבערג : דאָס ביסטו ? יאָ ?

העלער : יאָ, ר' פנחס.

פנחס פיינבערג : דיר געפעלט מיין איניקל ?

העלער : איך וועל בעטן ביי אייך אייער וואָרט.

פנחס פיינבערג : כי, כי, כי, ווייסט, זי איז אַן אָרעם קינד. נאַקעט. פאַרמאָגט גאָר נישט.

העלער : איך באַדאַרף נישט קיין רייכקייט.

פנחס פיינבערג : ווילסט נישט ? כ'האָב מיין פאַרמעגן אָרנטלעך געזאַמלט. כאַ, פאַר וואָס ווילסטו נישט ?

העלער : איך ווייס נישט וואָס איר מיינט.

פנחס פיינבערג : שעמסט זיך מיט מיין פאַרמעגן, כאָ ? מיין איניקל איז אויך מיין פאַרמעגן. איר פאָטער, מיין זון. כאַ, אַ כשרער ייד געווען.

העלער : איך ווייס עס.

פנחס פיינבערג : יאָ, ווייסט עס. כאַ, ווייסט. טאָ גיי פון מיין שטוב ! אַ ייד באַדאַרף איך, אַ ייד, אַ ייד . . .

העלער : איך וויל איר זאָלט מיר אויסהערן . . . אמת טאָקע, מיין ברודער איז אַוועק פון יידן . . .

פנחס פיינבערג (מאַכט מיטן האַנט ער זאָל אַוועקגיין.)

העלער : נישטאָ זיך וואָס נאַריש צו מאַכן.

(גייט שנעל אַרויס פון שטוב.)

רבקה : שווער לעבן, איך וועל אייך נעמען צוריק צו'אייך אין צימער.

פנחס פיינבערג : ס'איז רעכט . . . וואו ביסטו ? רייזל, וואו איז זי ?

ראָזי : אָט בין איך, זיידע.

פנחס פיינבערג : געמיינט ביסט אויך אַוועק. כי, כי . . . נאָך געטריי דעם זיידן.

(דוד קאַפּלאַן און ר׳ אהרן קומען אַריין.)

דוד קאַפּלאַן: כאַ, כאַ, רב פּנחס האָט זיך אַראָפּגעקליבן פון געלעגער.

ר׳ אהרן: וואָס מאַכט רב פּנחס? געקומען מבקר־חולה זיין.

פּנחס פיינבערג (ווערט פרייער): דערלאַנגט שטולן צום זיצן. זייער גלייך געטאָן; געקומען אין צייט. איך געדענק אַלץ... וועסט שרייבן, דוד. אַ שאָד די צייט.

דוד קאַפּלאַן: אפשר זאָל מען אַריינגיין אין אַנדערן חדר?

פּנחס פיינבערג: ס׳איז רעכט דאָ אויך. דאָ איז ליכטיקער. זיי ווייסן אַלע מיין ווילן. מעגן זיין דערביי.

ר׳ אהרן: דער רב האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך.

פּנחס פיינבערג: וועט מען דערלאַנגען טינט און פעדער.

רבקה: ס׳איז אַלצדינג פאַראַן אויפן טיש.

פּנחס פיינבערג: אַלצדינג צוגעגרייט. כאַ, דעם מושב־זקנים, ווי געזאָגט, איין זעקסטל פון מיין פאַרמעגן. מען ווייסט וויפל. ביים רב ליגט דער צעטל. קיין מזומנים נישטאָ. נו, הייזער — גוט ווי מזומנים.

דוד קאַפּלאַן (שרייבט.)

ר׳ אהרן: די גרעסערע העלפט, ווי איר ווייסט, האָט די שטאָט געהאַט. מען האָט נאָר געוואָלט אָפּקויפן דעם דערבייאיקן פּלאַץ, טאָמער וועט מען באַדאַרפן צובויען.

פּנחס פיינבערג: הכנסת אורחים... אַ ביסל אָפּגעלאָזן... זאָל מען בויען אויפסניי... זאָל זיין אויך איין זעקסטל. וואָס זאָגט איר, יידן?

ר׳ אהרן: ווי אייער ווילן וועט זיין אַזוי וועט מען טאָן.

דוד קאַפּלאַן: אויף דעם האָט מען זיך גאָר נישט גערעכט. מען האָט געמיינט אַז איר וועט נאָר בויען אַ נייע תלמוד־תורה.

פּנחס פיינבערג: דאָס אויך. כ׳האָב נישט פאַרגעסן. כ׳האָב דעם רב צוגעזאָגט, וועל איך האַלטן וואָרט. (לאַכט קינדיש.) פּנחס פיינבערג איז רייך. אַלע ווייסן עס. נישטאָ וואוהין ס׳פאַרמעגן אַהינצוטאָן. נו, און דער ביקור־חולים?

ר' אהרן: איר האָט דאָך געהערט פון דעם סכסוך? זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט. ווייסט איר דאָך, אַז צוויי ביקור־חולימס איז שוין איצטער פאַראַנען.

פּנחס פיינבערג: מה־רעש? זאָל זיין אויף ביידע. איין זעקסטל. וועלן זיי זיך טיילן. שרייב אַזוי. באַים דער סכסוך וועט אָנהאַלטן — איז אויף דער העלפט.

דוד קאַפּלאַן: אַזוי האָב איך געשריבן.

פּנחס פיינבערג: און, יאָ, דער רב זאָל עס נעמען אין זיין רשות. כ'פאַרלאָז מיר אויף אים.

דוד קאַפּלאַן: אַזוי איינגעשריבן.

ר' אהרן: אויף אונדזער רב קען מען זיך פאַרלאָזן.

פּנחס פיינבערג: איר ווייסט, אַז קיין מזומנים איז נישט פאַראַן.

דוד קאַפּלאַן: מען ווייסט, אַז אויף די הייזער איז קיין צינזן נישטאָ.

פּנחס פיינבערג: נו, און דאָס איבריקע, יאָ דער משוב־זקנים...

דוד קאַפּלאַן: מיר האָבן געשריבן (לייענט). אני פּנחס בן ר' מאיר...

פּנחס פיינבערג: רעכט, רעכט, נישט נייטיק צו לייענען... נו און דאָס איבריקע וויפל, דאַרט צוויי זעקסטלעך זאָל זיין...

רבקה (וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ערשטוינט און זיך צו־געהערט ווי מען טיילט דעם פאַרמעגן, לויפט צום טיש און לאָזט ניט שרייבן): יידן, האָט רחמנות אויף אַן אומגליקלעכע אַלמנה מיט איר יתומה, קינד מיינס, וואָס שטייסטו פון ווייטנס? לאָז נישט, מען זאָל אונדז באַרויבן.

ראָזי: מיר איז אַלץ איינס.

דוד קאַפּלאַן: וואָס הייסט מיר באַרויבן? אַזוי איז דער ווילן פון אייער שווער.

פּנחס פיינבערג: האַ, וואָס? אַן אומרעכט? כ'האָב אפשר טאַקע פאַרגעסן; וואו איז זי, מיין אייניקל. געמיינט זי איז פון שטוב אַרויס־געגאַנגען.

רבקה: גיי מיין קינד צו. דער זיידע רופט דיך.

פנחס פיינבערג: קום נעענטער מיין איניקל.

ראַזי (גייט צו): אָט בין איך, זיידע.

פנחס פיינבערג (ס׳איז צו מערקן אַז ער ווערט אַלץ שוואַכער. פאַרבאָרגט זיין אויפרעגונג): האָסט געהערט מיין צוואה?

ראַזי: איך האָב געהערט.

פנחס פיינבערג: ביסטו מסכים?

רבקה: זי ווייסט נישט וואָס זי רעדט. זי איז משוגע. איך בין נישט מסכים. איך האָב אָפּגעפּינצטערט מיין גאַנץ לעבן דאָ אין שטוב. פאַר וואָס קומט עס מיר? זי האָט קיין שׂכל נישט; הערט איר נישט וואָס זי רעדט. ווען איך וואָלט אַפילו נאָר געווען אַ דינסטמיידל אין שטוב, וואָלט מען מיר אויך נישט געדאַרפט אַזוי איבערלאָזן ווי אויפן וואַסער.

(וויינט.)

פנחס פיינבערג: וואָס זאָגט איר, יידן, אפשר בין איך אומ־גערעכט?

דוד קאַפּלאַן: איך מיין, אַז עס וועט בלייבן פאַר זיי גענוג. (צו רבקהן.) איר זענט דאָך נישט קיין יונגער מענטש — איר באַדאַרפט אַליין פאַרשטיין, אַז מען באַדאַרף האַלטן הייליק דעם ווילן פון אַן עלטערן מענטשן...

ראַזי: איר יידן, מעגט צונעמען אַלצדינג פון שטוב. איך באַדאַרף גאָרנישט.

(אַלע שווייגן.)

פנחס פיינבערג: וואָס איז מען אַנטשוויגן געוואָרן?

ר׳ אהרן: אפשר האָט טאַקע ר׳ פנחס איבערגעכאַפּט די מאָס? זייט זיך מיישב.

ראַזי: איך זאָג מיר אָפּ פון מיין טייל. דער זיידע ווייסט אַליין בעסער ווי אַזוי זיין פאַרמעגן אָפּצוגעבן.

פנחס פיינבערג: וואָס שווייגט איר, יידן? איר הערט וואָס זי זאָגט? וואָס האָב איך געטאָן? דערמאָנט מיר. אפשר האָב איך נישט קיין רשות אויף דעם?... יאָ זאָל זיין איין זעקסטל, נאָך אַ זעקסטל (טומלט זיך). איז נאָך צוויי זעקסטל, יאָ, אַ זעקסטל...

דוד קאַפּלאַן: ס'איז גוט ווי איר האָט געהייסן שרייבן.

פּנחס פיינבערג (וויל זיך אויפהייבן פון אָרט): וואו איז מיין קינד, האַ?... וואו איז מיין קינד?

ראָזי: אָט בין איך.

פּנחס פיינבערג: האַ, ניין נישט דאָס האָב איך געמיינט... יאָ, מיין קינד... פירט מיך אין מושב־זקנים אַריין. מען וועט דאָרט געפינען אַן אָרט פאַר מיר.

(ער לאָזט זיך גיין צום אַרויסגאַנגסטיר.)

רבקה: וואָס איז דאָ היינט? כ'וועל אפשר פון זינען אַראָפּ. שווער לעבן, וואוהין ווילט איר גיין? ווער רעדט דען אייך אַנטקעגן? טוט ווי איר פאַרשטייט. גיט אַוועק אַלצדינג וועמען איר ווילט.

ראָזי: בלייב אין שטוב, זיידע, זיי מיט אונדז. אויב איך בין שולדיק, טאָ זיי מיר מוחל, כ'האָב דיר פאַרשאַפט עגמת נפש.

פּנחס פיינבערג: דו אויך, כי, כי, כי... מען לאָזט מיך נישט אַרויס פון שטוב. ביסט מיין אייניקל... אָט אַזוי העלף מיר זיך זעצן. אָט אַזוי. ביסט קליגער פון זיידן. נו, פאַרטייל דו. יידן זיצן, זאָג, וואָס מען זאָל שרייבן.

דוד קאַפּלאַן: כל־זמן איר לעבט, איז אַלץ אין אייער רשות. אַלץ אין אייער רשות.

פּנחס פיינבערג (קינדיש): כי, כי, כי, טאָ פאַר וואָס וויל זי נישט זיין אין מיין רשות?

(בלייבט זיצן אין שטול כמעט עבר־בטל.)

ר' אהרן: איז זייער אָפּגעשוואַכט.

רבקה: ער האָט ניט באַדאַרפט אַראָפּ פון געלעגער. שווער לעבן, קומט צו זיך אין צימער אַריין. איר וועט זיך אַנידערלייגן.

פּנחס פיינבערג (שטרעקט אויס די הענט ווי אַ קינד און לאָזט זיך פירן.)

דוד קאַפּלאַן (צו ראָזין): האָסט געהערט וואָס דער זיידע האָט אָנגעזאָגט?

ראָזי: איך האָב געהערט.

דוד קאַפּלאַן: נו, אין פאַל אַז קיין געשריבענע צוואה וועט

נישט איבערבלייבן ווּעסטו געדענקען וואָס דער זיידע האָט פאַר־לאַנגט ?

**ראָזי:** איך וועל געדענקען.

**דוד קאַפּלאַן:** ווּעסטו עס אויספירן ?

**ראָזי:** איך ווייס נישט.

**דוד קאַפּלאַן:** וואָס הייסט דו ווייסט נישט ? דער גאַנצער פאַר־מעגן וועט דיר געהערן ; וואָס ווּעסטו טאָן דערמיט ?

**רבקה** (קומט אַריין) : מיין קינד, דער זיידע פרעגט זיך אויף דיר. גיי אַריין צו אים, ער וויל דיך זען.

**ראָזי:** איך וועל נישט גיין.

**דוד קאַפּלאַן:** ער קומט צו זיך. גאָטס נסים.

(ער פאַרנעמט פּאַפּיר, טינט און פעדער און גייט אַריין צום אַלטן.)

**ר׳ אהרן** (קומט אַרויס) : ער וויל זען זיין אייניקל.

**רבקה:** קינד מיינס, נעם מיר מיין לעבן נישט צו. גיי אַריין צו אים.

**ראָזי:** איך וועל אים נישט פאָלגן.

**רבקה:** אפשר איז ער מסכים ; גיי אַריין צו אים. ער וויל דיך זען.

**ראָזי:** עס וועט גאָר נישט העלפן. איך וועל אים נישט פאָלגן און איך וויל צו אים נישט אַריינגיין. איך בין יונג און כ׳באַדאַרף לעבן.

**רבקה** (קושט זי) : קינד מיינס, האָב רחמנות אויף מיר.

**ראָזי:** מאַמע, לאָז מיר לעבן.

**דוד קאַפּלאַן** (קומט אַרויס מיט דער צוואה אין האַנט) : גע־לויבט איז השם יתברך, האָט אונטערגעשריבן. קום, אהרן, לאָמיר גיין מעגטשן אַהער אַריבערשיקן.

**רבקה:** וואָס ?! אונטערגעשריבן... קינד מיינס, וואָס האָסטו געטאָן ?...

**ראָזי:** איך וועל אים אין קבר אַריין נישט מיטגיין.

**רבקה:** דיין זיידע איז עס דאָך.

**ראַזי:** און איך וועל אים נישט מיטגיין אין קבר אַריין.

**דוד קאַפּלאַן:** גייט בעסער אַריין צו אים. זאָל ער נישט בלייבן אַליין.

(ער און אהרן גייען אַרויס.)

**רבקה:** איך וועל עס נישט אויסהאַלטן...

(ברעכנדיק די הענט גייט זי אַריין צום חולה).

**ראַזי** (זי מאַכט אַ טריט צום קראַנקנס טיר, ווי זי וואָלט וועלן אַריינגיין, קערט זיך פּלוצלונג אָפּ פון טיר און גייט אַרויס פון שטוב.)

**.1915**

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

אהרן שלמה.

גיטל, זיין ווייב.

בעבעלע, זייער טאָכטער.

שלום מאיר, בעבעלעס חתן.

איידל, בעבלס חברטע.

ליבע, אַ שכנטע.

ביי אהרן שלמהן. אַ ווייס אויסגעקאַלכט שטיבל. אויף די קליינע פענצטערלעך זויבער־ווייסע פאָרהענגלעך. די פּאָדלאָגע מיט געלן זאַמד אויסגעשאָטן. נאָך יום טוב. פאַרנאַכט.

אהרן שלמה (זיצט ביי אַ טיש אין הינטערגרונט און קנעלט מיט אַ יינגל חומש. ער קנייפּט דעם יינגלס באַקן מיט ליבע): אַז דו וועסט אַ גאַנצן זמן אַזוי לערנען מיט חשק, וועל איך דיך האָבן האָלט. איך וועל עס דערציילן דיין טאַטן, וועט ער דיך שיקן איבער אַ יאָר אין ישיבה אַריין. ווילסט פאָרן אין אַ ישיבה?

דער יינגל: יאָ, רבי.

(פון גאַס דערטראָגן זיך קולות פון קינדער, וואָס שטיפן הינטערן פענצטער.)

אהרן שלמה: זאָג דעם אמת, ווילט זיך דיר איצטער בישט אויף דרויסן שטיפן מיט די קינדער?

דער יינגל: ניין, רבי, כ׳וויל בעסער לערנען תורה. איך וויל זיין אַ רב.

אהרן שלמה: אַז דו וועסט נאָר חשק האָבן, וועסטו זיין אַ רב. דער טאַטע וועט מיט דיר דעם שענסטן שידוך טאָן. ס׳וועט זיין אַ גרויסער כבוד פאַר דעם טאַטן.

דער יינגל: ווען וועלן מיר אָנהייבן גמרא?

אהרן שלמה: נאָך היינטיקן זמן. איך וועל קריגן צו דיר נאָך אַ חבר, וועלן מיר מיט גאָטס הילף אָנהייבן גמרא.

גיטל (קומט אַן): כ׳לעבן ביסט אַ נאַר. וואָס מאַטערסטו אים? לאָז אים אַרויס אויף דער גאַס, זאָל ער שטיפן מיט די קינדער. ווילסטו אים די גאַנצע תורה אַריינשטאָפּן פאַר איין מאָל?

דער יינגל: איך וויל נישט שטיפן. איך וויל בעסער לערנען תורה.

גיטל: אַ ברכה פון גאָט אַזאַ קינד צו האָבן. ווייסט כאָטש די מאַמע, אַז דו ווילסט אַזוי גוט לערנען תורה?

יינגל: זי ווייסט.

גיטל (קושט אים מיט ליבע זיינע באַקן. ער פאַרשעמט זיך, ווישט די באַק.)

אהרן שלמה: פע, פע, דו צעלאָזט מיר מיינע תלמידים.

גיטל: גיי אַהיים, יענקעלע. גיי אַהיים, ס'וועט שוין זיין היינט גענוג פאַר דיר.

אהרן שלמה: אויב דו ווילסט, גיי. זאָג דער מאַמען, אַז דער רבי האָט מיט דיר די גאַנצע צייט געלערנט.

יינגל: איך וועל זאָגן. אַ גוטן טאָג.

(גייט אַרויס.)

גיטל: וואָס וואָלט מיר פעלן, ווען דער וואָס אין הימל וואָלט ביי מיר מיינע יינגלעך נישט צוגענומען פאַר דער צייט?

אהרן שלמה: נו, גענוג דיר שוין; גענוג. וואו איז בעבעלע? זי איז נישט געגאַנגען מיט דיר?

גיטל: ווי איז נישט דער מאַמען! וואו איז זי דען?

אהרן שלמה: זי איז מיט איר חברטע, ווי רופט מען דאָרט איר, מיט איידלען איז זי אַוועקגעגאַנגען.

גיטל: האָסט נישט באַדאַרפט לאָזן ס'קינד אַליין גיין פון שטוב.

אהרן שלמה: ס'איז דאָך נאָך העלער טאָג.

גיטל: דו פאַרגעסט גאָר, אַז זי איז אַ כלה.

אהרן שלמה: קיין בייז זאָל נישט זיין.

גיטל: דיר וועט דאָך אַוודאי ווי טאָן דער קאָפּ, אַז מיטן קינד וועט עפּעס טרעפן.

אהרן שלמה: זיי נישט קיין טפשה און גיס נישט קיין טרערן.

גיטל (קוקט אין פענצטער): בעבעלע מיינס, עס פאַרגייט שוין באַלד די זון. אוי די איידל, איך האָב איר טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, זי

זאָל ס׳קינד פון שטוב נישט אַרויסשלעפּן. אפשר טויזנט מאָל האָב איך עס איר אָנגעזאָגט. אַ כלה. ס׳איז אַ סכּנה.

אהרן שלמה: וואוהין גייט זי עס טאַקע?

גיטל: דער גוטער יאָר ווייסט. שפּאַצירן גייען זיי. די גאַנצע שטעטל לאָזט זיך אַרויס קוקן.

אהרן שלמה (צופרידן): וואָרעם זי איז טאַקע ביי אַלעמען אויפן אויג.

ליבע (קומט אַן): אַ גאָט העלף אייך.

גיטל: אַ גוט יאָר, ליבעשי. העט זיך איין, אהרן שלמה, דו גייסט דאָך דאַוונען מנחה, טאָמער זעסטו זי, זאָג איר, אַז די מאַמע קוקט אויס די אויגן.

ליבע: בעבעלען מיינט איר? כ׳האָב זי נאָר וואָס געזען שפּאַצירן מיט אײדלען. קיין עין־הרע, פאַרשיינט די גאַס.

אהרן שלמה (גייט אַרויס.)

ליבע: פון דעסט וועגן געפינען זיך בייזע צינגער, מען האָט געפּרואווט אָנרעדן.

גיטל: מיינט איר, איך ווייס נישט? זאָלן שוין אַזוי מיינע שונאים ווייס איך וואָס, וואָס מען קען מיר שוין חלילה טאָן.

ליבע: מען האָט אָנגערעדט, אַז זי איז נישט קיין געזונטע.

גיטל: וועמען מיינט איר?

ליבע: מען האָט אָנגערעדט פאַר רבקה זעלדען, אַז בעבעלע איז נישט קיין געזונטע.

גיטל: געזונט און שטאַרק זאָל זי מיר נאָר זיין. אין גאַנצן זיבעצן יאָר אַלט. מיר אַרט נישט, אַז מיין קינד וועט נאָך זיצן אַ מיידל.

ליבע: חלילה; וואָס איר רעדט. רבקה זעלדע האָט עס מיר דער־ציילט. זי האָט געלאַכט אין די פויסטן, וואָרעם ווער ווייסט עס נישט, אַז בעבעלע איז אַ געזונטע?

גיטל (דורך טרערן): אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט, פון זיבן איז מיר איינס געבליבן, זאָל ער מיר נאָך ווידער שטראָפן? ס׳איינע קוים אויסגעבעטן און אויסגעוויינט. די גאַנצע וועלט ווייסט ווי טייער ס׳קינד

איז מיר. (לויטער.) איר וועט אפשר פאַרזוכן פון דעם איינגעמאַכטס וואָס כ׳האָב נעכטן געפּרעגלט? (באַקומט פון אַלמער סלויעס אַריי־ בערגעבונדן מיט ווייסן לייוונט.) איר מוזט עס אַדרבה פאַרזוכן. אָט זאָגט פון וואָס איז עס געמאַכט?

ליבע (פאַרזוכט און וויל כאַפּן דעם טעם): מאַמעלעך מיינע, ס׳איז דאָך אתרוג!

גיטל: אתרוג, ליבעשי. מען האָט מיך אויסגעלערנט ווי עס צו פּרעגלען.

ליבע: ווי עס שמעקט! אתרוג. אַזאַ וואונדער: שוין דאַכט זיך אויסגעפּרעגלט און עס שמעקט אתרוג.

גיטל: דריי אתרוגים זענען דאָ פאַראַן. קאָכנדיק ווערט עס איינ־ געפאַלן. און דאָ האָט איר קאַרשן פון פאַר אַ יאָרן נאָך. זעט ווי פריש, גלייך ווי נעכטן וואָלט מען עס געפּרעגלט.

ליבע: המ... ווי שטייף זיי זענען. ביי מיר זענען זיי צעקראָכן געוואָרן. המ... אַ חיות. אַזאַ מזל אם ירצה השם. און ווען גייט איר שוין אָננעמען חתונה־קליידער?

גיטל: נאָך שבת, אויב גאָט וועט שענקען ס׳געזונט. די חתונה וועט איצטער זיין חמשה־עשר. ס׳קינד האָלט נאָך אין וואַקסן. וואָס שפּעטער אַלץ בעסער. בעבעלע מיינס. ווען זי קומט אַריין, וואָלט זי שוין באַלד אָנגעהויבן צו שרייען: געגוג דיר, מאַמע, צו פאַסטן.

ליבע: וואָרעם איר פאַסט היינט?

גיטל: זאָל זי מיר נאָר זיין אויף לאַנגע יאָרן, יעדן דאָנערשטיק, נישט פאַרפעלט נאָך קיין איין דאָנערשטיק, זינט ס׳לעצטע קינד איז מיר אַוועקגעקומען.

ליבע: וואָס אַ מאַמע קען באַווייזן.

גיטל: איך האָב געפאַסט מאָנטיק און דאָנערשטיק. האָט ער, אהרן שלמה, די מאָנטיקן איבערגענומען.

ליבע: איך הער דאָך עס איצטער פון אייך, גיטלשי. ווען איר פרעגט דעם רב, וואָלט ער אייך מתיר געווען.

גיטל: וואָס איז דען מיר יאָ שווער פאַר אירעט וועגן?

ליבע: האָט איר זי טאָקע אויסגעבעטן ביי גאָט. וואָרעם ווער ווייסט פאַר וועמעס זינד מען קומט אָפּ.

גיטל: מיין מאַן זאָל לעבן זאָגט אויך דאָס אייגענע. ווען איך נעם נישט אויף זיך אַזאַ שווערן נדר, ווער ווייס צי מיין קינד וואָלט לעבן דער מאַמען געבליבן. אַז ס׳לעצטע קינד איז מיר געשטאָרבן האָב איך אַ שלאָס אַריינגעלייגט אין קבר. אפשר טאַקע די ערד פאַרשלאָסן געוואָרן. קיין איין טרער האָב איך נישט פאַרגאָסן. עפּעס אַ קלייניקייט ביי אַ מאַמע נישט פאַרגיסן קיין טרערן, ווען מען לייגט איר קינד אין גרוב אַריין?...

ליבע: וואָס וואָלטן מיר ווערט געווען ביי גאָט, ווען מיר קענען זיך נישט אויסוויינען אין אַן עת־צרה?

גיטל (זוכט אין קאָמאָד): זעט אויף טשיקאַוועש ווי גאַנץ ס׳איז נאָך ס׳העמדעלע. אָט אַזוי ליגט עס ביי מיר אין קאָמאָדע אויסגעוואַשן און אויסגעוועלגערט. איר ווייסט וואָס דאָס איז?

ליבע: איר קינדערשע העמדעלע.

גיטל: זאָלט איר געזונט און שטאַרק זיין; דאָס איז דאָך פון דער אַלטער רביצין, זאָל זיין אין ליכטיקן גן־עדן. אַז זי איז געשטאָרבן, האָבן די ווייבער מיר זי אַוועקגעגעבן. פון איר העמד האָב איך פאַרן קינד איבערגעבייט. ס׳האָט מיר העלפט און פיס געציטערט, ווען כ׳האָב ס׳לייוונט געריסן.

ליבע: דאָס איז נישט קיין קלייניקייט. אַ צדקת אַ יידענע גע־ווען.

גיטל: ווי שטאַרק די לייוונט איז! זי איז אין העמדעלע צוויי יאָר צייט געגאַנגען און ס׳איז קיין איין לעכעלע נישטאָ. אָט אדרבה זעט.

ליבע: איר שלאָפט נאָך היינט אויך נישט ביי טאָג?

גיטל: נאָר ביי טאָג? איך לייג זיך נישט פריער קיין מאָל ווי צוועלף אַ זייגער ביינאַכט. איך פאַל אַמאָל אויף דער נאָז, מען האָרעוועט זיך אָן אַ טאָג — נאָר לייגן זיך פריער ווי צוועלף אַ זייגער... נאָך חלילה מיין נדר נישט געבראָכן. מיר איז נאָר אַ שאָד וואָס נעכע העניע לעבט שוין נישט מער. זי וואָלט אָנגעקוואָלן פון בעבעלען. אַלע אויס־געשטאָרבן. אַלע זיבן אַלטע ווייבער.

ליבע: דאָס האָט איר דאָך אויך געטאָן.

גיטל: צו זיבן אַלטע ווייבער זי פאַרקויפט פאַר אַכצן גראָשן.

נעכע העניע איז ערשט פאַר צוויי יאָרן געשטאָרבן. פלעגט שטענדיק זאָגן: איצט לעבט זי צוליב איר אייגענעם זכות און אַז כ׳וועל זוכה זיין צו האָבן אַן אָרט מיט די צדיקים, וועל איך בעבעלעס נאָמען פון מיינע ליפּן נישט אַראָפּלאָזן. ווער ווייסט, אפשר צוליב איר זכות האָב איך מיט מיין קינד אַזאַ שיינעם שידוך געטאָן.

ליבע: ווייסט ער כאָטש, דער חתן, ווי טייער זי איז ביי אייך?

גיטל: ער וועט זי אם ירצה השם ליב האָבן. איך פאַרהאָף צו גאָט.

ליבע: ער איז פון שיינע טאַטע־מאַמע, ער וועט וויסן ווי זי צו היטן.

גיטל: ווי דערלעבט מען שוין די ליכטיקע מינוט? גאָטעניו, וואָס נאָך ווילסטו זאָל איך דיר געבן? שענק מיר זי, זי זאָל דער מאַמען איבערלעבן. ס׳איז דאָך שווער אַזאַ נדר אָפּצוהיטן, נאָר אויף איין זאַך וואָרט איך און קען די מינוטן נישט דערציילן. ווי וואָלט זיך מיר שוין וועלן מיין קינד אַרומנעמען און עס קושן, קושן. מיר דאַכט זיך, אַז יעמאָלט וועט מיר אפשר מיין חיות אויסגיין.

ליבע: אַזאַ זאַך אויף זיך צו נעמען איז שוין אַביסל געווען צו־פיל. איך ווייס גאָר נישט ווי קען מען זיך עס איינהאַלטן און אַ קינד נישט אַ קוש צו געבן? איך וואָלט מיר אפשר...

גיטל: טאַקע שווער. זייער שווער. דעם נדר האָב איך אויף זיך גענומען ווען זי איז מיר געבוירן געוואָרן. כ׳האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט מיר זיין צום שווערסטן. וואָרעם אַז דאָס קינד ליגט אין וויג מיט רויטע בעקעלעך, ווי קען מען זיך עס איינהאַלטן און נישט געבן עס קיין קוש? אָדער, אַז עס זייגט זיך אָן און ווערט אַנטשלאָפן מיט דער ברוסט אין מויל, ווי גיט מען עס נישט אַ קוש אין מיילכעלע די ברוסט אַרויסנעמענדיק?... היינט ווער רעדט שוין, אַז דאָס קינד האָט אָנגע־הויבן טריט צו שטעלן, אָנגעהויבן צו פּרעפּלען — ס׳האַרץ איז מיר שיר נישט צעריסן געוואָרן פאַר פרייד. כ׳האָב מיר די ליפּן צעביסן און צום קינד זיך נישט צוגערירט.

(וויינט פאַר פרייד.)

ליבע: נייך, זעט איר, ביי מיר וואָלט מען עס נישט געקענט פועלן. (וויינט אויך.) ס׳לעבן איז מיר אַזוי גענוג פינצטער. אַז די קליינינקע

טשעפּעט זיך מיר אַן אויפן האַלדז, קוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין און זאָגט: „מאַמע, וויין נישט״, וואָס זאָל איך דען דעמאָלט טאָן? איך גיב זי אַ קוש און הער אויף צו וויינען.

גיטל: אַז גאָט וועט געבן נאָך דער חופּה... דאַכט זיך מיר זי גייט, געזונט און שטאַרק זאָל זי מיר נאָר זיין.

(בעבעלע און איידל קומען אַריין.)

ליבע: אָט איז זי, די פאַרשייטע מויד, וואָס טוט דער מאַמען אַן אַזוי פיל עגמת נפש. קום, די מאַמע וועט דאָך דיר קיין קוש נישט געבן. אָט אַזוי גיב מיר דיינע גראָבע באַקן.

(קושט בעבעלען.)

בעבעלע (איז ליב און פאַרצויגן. זעט אויס ווי אַ קינד פון פופצן): מיר זענען געגאַנגען שפּאַצירן.

איידל: איר שרעקט זיך? מיר זיינען נישט געווען הינטערן שטאָט.

גיטל: גוט האָט איר געטאָן, קינדערלעך. ביסטו אפשר הונגעריק, בעבעלע?

בעבעלע: אמת, מיר האָבן געגעסן ביי איך אין שטוב, איידל?

איידל: כ׳וועל דערציילן דעם אמת. זי האָט נישט געוואָלט עסן ביי אונדז. די מאַמע, זאָגט זי, פּאַסט, דעריבער וויל זי אויך נישט עסן.

גיטל: וואָס רעדסטו, קינד מיינס! וואָס האָסטו צו קוקן אויף דער מאַמען?

בעבעלע: אַז די מאַמע פּאַסט, באַדאַרף איך אויך פּאַסטן.

ליבע: אָט איז אַ קינד...

גיטל (עסקט זיך ביים אויוון): זאָג מיר גיכער, קינד מיינס, וואָס זאָל איך דיר מאַכן פאַר אַן עסן?

בעבעלע: אַז דו וועסט עסן, וועל איך אויך.

גיטל: אָט לאָז צורו, קינד מיינס. וויפל איז מיר שוין אינגאַנצן געבליבן צו פּאַסטן, אפשר דריי חדשים.

בעבעלע: די זון איז דאָך שוין פאַרגאַנגען.

גיטל: איך וועל, קינד מיינס, וואַרטן ביז שטערן וועלן זיך באַ־

ווייזן אין הימל. איצטער ציטערט דאָך דער מאַמעס האַרץ איבער דיר נאָך מער ווי שטענדיק.

איידל: אייער מאַן, ליבע, איז שוין געגאַנגען פון בית המדרש אַהיים.

ליבע: וואָס דו זאָגסט! און איך האָב מיר אַזוי פאַרפּלאָפּלט. האָט מיר אַ גוטע נאַכט.

(גייט אַוועק.)

גיטל: גייט געזונטערהייט, ליבעשי. נעם, איידעלע, וועסט פאַרזוכן מיין אתרוג־איינגעמאַכטס.

איידל: נאָר אויפן שפּיץ צונג גיט מיר... אַך, ווי עס שמעקט.

גיטל: און איצטער נאַ דיר, בעבעלע.

בעבעלע: אַז דו וועסט פאַרזוכן, וועל איך אויך.

גיטל: טו עס נישט, קינד מיינס. נייט מיך נישט. פריער ווי שטערן וועלן זיך נישט באַווייזן וועל איך נישט נעמען אין מויל.

בעבעלע: אָט וועל איך אָנצינדן דעם לאָמפּ, וועט ווערן נאַכט.

איידל: איי, ביסטו אַ קלוגע. פאַרזוך דעם איינגעמאַכטס. טו דער מאַמע צוליב.

גיטל (דורך טרערן): נעמסט און פאַרשאַפסט דער מאַמען אומזיסטע יסורים.

איידל: איך וועל פאַרמסרן פאַר דיין חתן, אַז דו פאָלגסט נישט דער מאַמען.

בעבעלע: שלום מאיר ווייסט, אַז איך פאָלג נישט דער מאַמען. (רייצט זיך מיט דער מוטער, אונטערשטעלנדיק איר באַק.) נאַ, גיב מיר אַ קוש, וועל איך עסן.

גיטל (שטויסט זי אָפּ פון זיך): גיי, טוסט דער מאַמען אָן יסורים אַדרבה, פרעג איידעלען וועט זי דיר זאָגן, אַז פאַר דער חתונה באַדאַרף מען פאָלגן אַ מאַמען. מען קען נאָך חלילה באַשטראָפט ווערן.

בעבעלע: דערפאַר וועל איך דיר טאַקע באַלד אָנקושן, אַז דו וועסט מיר שוין האָבן צו געדענקען. (זי לייגט דער מוטער מיט געוואַלט אַנידער אויפן בעט, כאַפּט אַרום איר האַלדז און קושט זי הייס.) אָט אַזוי, אָט אַזוי גיט מען אַ מאַמען וואָס האָט פיינט איר קינד. אָט

אַזוי טוט מען אַ מאַמען וואָס וויל קיין מאָל נישט אַ קוש געבן איר קינד.

גיטל (ווערט זיך): גיי שוין, זאָג איך דיר.

איידל: משוגענע, לאָז אָפּ דער מאַמען. זע ווי די האָר האָבן זיך דיר צעוואָרפן. זעסט אויס ווי אַ מכשפה.

בעבעלע: איך וועל באַלד מיט דיר אויך אַזוי מאַכן.

(שפּרינגט צו איידלען און כאַפּט זי אַרום.)

איידל: לאָז מיך אָפּ.

בעבעלע: אָט אַזוי האָט מיר די מאַמע געדאַרפט טאָן. אָט אַזוי האָט זי מיר באַדאַרפט אויסקושן מיינע באַקן... אוי, ווי כ׳בין פאַר־מאַטערט. קוק אין פענצטער, זע שטערן זיינען שוין פאַראַן... אוי, איז מיר גוט אויפן האַרצן! מעגסט שוין, מאַמע, אָנבייסן.

(צינדט אָן אַ לאָמפּ.)

איידל: ס׳איז דאָך נאָך אַזוי פרי, בעבעלע. נישט גוט אָנצו־צינדן פייער ווען דרויסן איז נאָך ליכטיק.

(לעשט אויס.)

גיטל: הער שוין אויף צו שטיפן. גענוג זאָל דיר שוין זיין. דער־צייל מיר בעסער וואו איר זענט געווען?

בעבעלע: דערצייל נישט, איידעלע.

גיטל: וועסט דאָך נישט גיין וואו מען באַדאַרף נישט, טאָ וואָס האָסטו מורא צו דערציילן?

בעבעלע: אויב דו ווילסט דערצייל. איך וועל אָבער זיין ברוגז מיט דיר.

איידל: וועסט זיך ביז דער חתונה מיט מיר איבערבעטן.

בעבעלע: דו שעמסט זיך אויך צו דערציילן.

איידל: דו האָסט דאָך מיר אַהין געפירט, וואָס האָב איך מורא צו דערציילן?

בעבעלע (שפּרינגט צו און פאַרמאַכט איידלען דאָס מויל מיטן האַנט): דערצייל נישט; איך וועל דיר האָבן פיינט.

איידל (נעמט מיט געוואַלט אַראָפּ בעבעלעס האַנט פון איר מויל): מיר זענען געווען אין דער ווייבערשער שול.

בעבעלע: דערצייל נישט, דערציול נישט.

גיטל: וואָס האָט איר געטאָן אין דער ווייבערשער שול?

איידל: מיר האָבן זיך פאַרגנבעט צו זען ווי שלום מאיר לערנט.

בעבעלע (באַהאַלט איר פּנים אין איידלס שויס): גיי, איך האָב דיר פיינט. איך וועל שוין שטענדיק זיין מיט דיר ברוגז. איך וועל שוין קיין מאָל מיט דיר נישט רעדן.

איידל: זי אַליין האָט מיך געפירט אַהין. מיר האָבן דורך דעם פאָרהאַנגל אין מזרח־וואַנט געזען, ווי ער שטייט לעבן אָרון קודש אין ווינקל מיטן פּנים צום וואַנט און שאָקלט זיך שטיל איבער דער גמרא.

בעבעלע: איך האָב דיך פיינט; איך האָב דיך פיינט.

גיטל: שטיק משוגענע. פאַר וואָס טאָר מען אַזאַ זאַך נישט דער־ציילן דער מאַמען? מיינסט די מאַמע וויל נישט הערן קיין שיינע זאַך דערציילן אויף איר קינדס חתן? אַוודאי האָב איך גרויס נחת, אַז ער זיצט און לערנט די הייליקע תורה. דער טאַטע זאָגט, אַז ער איז זייער אַ גרויסער למדן, אַז ער וועט נאָך מיט דער צייט אַ רב זיין.

בעבעלע (הייבט אויף דעם קאָפּ. פאַרקלערט זיך.)

איידל: ביסט נאָך אויף מיר אין כּעס, בעבעלע?

בעבעלע: דו וועסט נאָך אים אויך דערציילן, אַז איך גיי אין דער ווייבערשער שול זען ווי ער לערנט?

בעבעלע: אמת, מאַמע, ס׳איז נישט שיין צו גיין אין דער ווײַ־בערשער שול?

גיטל: אַוודאי איז נישט שיין. אימיצער קען עס נאָך דער־זען.

בעבעלע: וואָס זאָל איך טאָן, אַז כ׳וויל אים אַ מאָל זען? פאַר דער חתונה, זאָגסטו, איז נישט שיין, אַז דער חתן גייט צו דער כּלה.

איידל: ווען ער וואָלט וואוינען אין אַן אַנדער שטאָט וואָלסטו אים געקענט שרייבן בריוולעך. איי, דאָס איז אַזוי שיין.

בעבעלע: טאַקע, ס׳איז שיין בריוועלעך צו שרייבן. דער טאַטע וואָלט מיך אויסגעלערנט ווי אַזוי צו מאַכן אַ געדרייטן „שין". שלום

מאיר הייבט מען דאָך אָן צו שרייבן מיט אַ „שין״? (פלוצלונג.) דער־פאַר וואָס דו האָסט דערציילט דער מאַמען וואו מיר זענען געוועזן, וועל איך דיר נישט ווייזן דאָס תּפילין־זעקעלע וואָס איך נײ אויס.

איידל: וועסט נישט ווייזן, באַדאַרף מען נישט.

גיטל: מאַך זיך נישט נאַריש, מיין קינד, און באַווייז וואָס דו האָסט אויסגענייט.

בעבעלע (באַקומט פון קאַמאַד, טיף באַהאַלטן, אַ סאַמעטענעם תּפילין־זעקל אויסגענייט מיט רויטן גאָרן.)

איידל: אַזוי גאָר. האָסט עס אויסגענייט און מיר אַפילו נישט גע־וויזן. איר, גיטל, באַדאַרפט זאָגן בעבעלען, אַז איך בין צו איר בע־סער ווי זי איז צו מיר.

גיטל: כ׳האָב עס איר שוין נישט איין מאָל געזאָגט. ס׳איז דער־פאַר וואָס דו צעפּיעשטשעסט זי אַזוי.

בעבעלע: ביסט טאָקע ברוגז? נו זיי מיר מוחל. לאָמירביידע זיין חבר־לאַוּוער. געפעלט עס דיר?

איידל: אַוודאי געפעלט עס מיר.

בעבעלע: איבעווייניק וועט מען דאָך אַריינלייגן תּפילין?!

איידל: אַוודאי וועלן דאָרט ליגן תּפילין.

בעבעלע (קושט דעם תּפילין־זעקעלע): ווען וועל איך עס אים געבן, מאַמע?

גיטל: צו דער חתונה.

בעבעלע: פאַר וואָס נישט פריער?

איידל: עס פּאַסט נישט.

בעבעלע: איך וויל ער זאָל האַלטן די תּפילין אין דעם, און אַז ער וועט געבן אַ קוש די תּפילין...

איידל (מאַכט איר אַ פּאַן): איי, בעבעלע, בעבעלע...

בעבעלע: גיי, דו ביסט אַ שלעכטע.

גיטל: אַז מען האָט ליב אַ חתן איז עס זייער פיין, מיין קינד; מען באַדאַרף אָבער דערפון נישט וויסן. נאָך דער חתונה מעג שוין אַפילו די גאַנצע וועלט וויסן, אַז מאַן און ווייב לעבן צופרידן. ס׳איז

אַ בּרכה פון גאָט. איך וועל גיין אין קלייט אַריינגעמען זאַלץ. וועסט איר, איידעלע, נישט לאָזן אַליין.

(גייט אַרויס.)

בעבעלע: קום צו מיר, איידעלע.

איידל: ביסט טאַקע אויף מיר אין כּעס?

בעבעלע: כ׳האָב נאָר טאַקע געלאַכט.

איידל: פאַר אַ מאַמען מעג מען; ס׳מאַכט נישט אויס.

בעבעלע: טאַטעס דאַרפן פון אַזעלכע זאַכן נישט וויסן.

איידל: ווילסטו, וועלן מיר אַזוי מאַכן, אַז ער זאָל דעם תּפילין־זעקעלע געפינען ביי זיך אין סטענדער.

בעבעלע: אוי טאַקע.

איידל: ווי אַזוי מאַכט מען עס אָבער?

איידל: וועסט שוין מוזן וואַרטן.

בעבעלע: וואַרטן?

איידל: האָסט אים טאַקע אַזוי ליב, בעבעלע?

בעבעלע: זייער שטאַרק.

איידל: פאַר וואָס האָסטו זיך פאַר מיר באַהאַלטן ווען דו האָסט גענייט דעם תּפילין־זעקל?

בעבעלע: אַזוי; כ׳האָב מיר געשעמט. אויף דעם אָרט וואָס כ׳האָב געגעבן אַ שטאָך מיט דער נאָדל האָב איך געגעבן אַ קוש.

איידל: גיב, מיר וועלן איבערציילן וויפיל שטעך ס׳איז פאַראַן אין דעם וואָרט שלום.

בעבעלע (כאַפּט אַרום איידעלען): איי, ביסט אַ נאַר, ביסט אַ נאַר. וויסט נישט, ווי גוט ס׳איז צו זיין אַ כּלה. ווען איך זאָל נאָר קענען אים אָט אַזוי אַרומנעמען, אָט אַזוי...

איידל: לאָז מיך אָפּ, משוגענע, וועסט דאָך מיר דערשטיקן.

בעבעלע: אַז דו וועסט ווערן אַ כּלה וועסטו אויך אַזוי זיין. וועסטו נאָך אַרום זיינע פענצטער אַרומקריכן. ווען איך זאָל נאָר נישט מורא האָבן אַליין צו גיין ביינאַכט.

איידל: און ער וויסט עס גאָר נישט?

בעבעלע: נאָך דער חתונה וועל איך אים אַלץ דערציילן.

איידל: דערצייל אים עס איצטער.

בעבעלע: ער ווייסט, אַז כ׳האָב אים האָלט.

איידל: ווי אַזוי ווייסט ער עס?

בעבעלע: איך האָב שוין געמאַכט אַזוי, אַז ער זאָל וויסן.

איידל: איי, ביסטו אַ גנבטע!

בעבעלע: איך האָב אים אין קעשענע אַריינגעלייגט אַ בריוועלע, ווען ער איז געווען ביי אונדז יום טוב. כ׳האָב עס נאָך פאַר יום־טוב אָנגעגרייט.

איידל: איי, ביסטו אַ קלוגע. האָט ער עס געפונען?

בעבעלע: איך ווייס אַז יאָ.

איידל: ווי אַזוי ווייסטו עס?

בעבעלע: ווייל איך פיל, אַז ער האָט מיך אויך שטאַרק ליב.

איידל: ווייסטו ווי שטאַרק מען באַדאַרף ליב האָבן דעם מאַן נאָך דער חתונה?

בעבעלע: איך וועל שוין וויסן... טאָמער וועט ער נאָך זיין אַ רב... איך וועל פאַר אים מורא האָבן. איך וועל האָבן מורא און ליב האָבן אים אַזוי שטאַרק... ער אַליין וועט עס גאָר נישט וויסן. אַוודאי, איידעלע, איך וועל זיך עס שעמען אים צו דערציילן. איך וועל זיך שעמען דערציילן אַלץ וואָס איך טראַכט.

איידל: גיב, איך וועל דיר פאַרקעמען דיין קאָפּ. האָסט זיי אַזוי פאַרפּלאָנטערט. איך וועל דיר פוןביידע צעפּ איינעם מאַכן.

בעבעלע: אוי, דו רייסט מיר מיטן קאַם אויס מיינע האָר! אוי, איידעלע, האָב רחמנות.

איידל: כ׳האָב זיך פאַרטראַכט.

בעבעלע: פון וואָס טראַכטסטו?

איידל: אַז דיר איז זייער גוט.

בעבעלע: פון וואָס טראַכסטו?

איידל: יאָ, איך בין דיר טאַקע זייער מקנא.

בעבעלע: איך וועל זאָגן מיין טאַטן וועט ער דיר אויסזוכן אַ חתן.

איידל: וואָס דו רעדסט.

בעבעלע: איך וועל עס אים היינט זאָגן.

איידל: אוי ניין, איך האָב מורא.

בעבעלע: פאַר וואָס האָסטו מורא?

איידל: טאָמער טוט ער עס טאַקע?

בעבעלע: איז דאָך גוט.

איידל: ניין, ניין, ס׳האָט מיר אַזש דער אָטעם פאַרכאַפּט. זאָג אים נישט.

בעבעלע: האָ, דו האָסט ליב שלום מאירן? איידעלע, ס׳איז אמת?

איידל: ניין, ניין. וואָס דו רעדסט.

בעבעלע: טאָ פאַר וואָס ווילסטו נישט איך זאָל אים זאָגן? מיין טאַטע האָט שוין אויסגעפּירט אַ סך שידוכים. נאַרעלע, וועלן מיר האָבן ביידע חתונה אין איין ווינטער.

איידל: ניין, בעבעלע, מען באַדאַרף נישט. איך וועל אפשר אָנהייבן וויינען, אַז דיין טאַטע וועט צו אונדז קומען רעדן דערפון.

בעבעלע (נעמט אַרום איידלען און פאַרשט): האָסט ליב שלום מאירן? יאָ? ניין? זאָג איידעלע, יאָ?

איידל (שטיל): אַ קליין ביסעלע. ווייל איך האָב דיך זייער ליב. דעריבער. ער איז דאָך דיין חתן.

(אַ ווײַלע בלייבן זיי ביידע אַזוי שטיל אַרומגענומען.)

בעבעלע (צעשראָקן): האָסט טאַקע ליב שלום מאירן?

איידל (ווערט זיך): ניין, בעבעלע; איך שווער דיר, אַז ניין. וויין נישט. איך בעט דיר... איך שווער דיר, בעבעלע. דו האָסט דאָך עס געזאָגט... איך האָב דאָך גאָר נישט געזאָגט...

בעבעלע: אוי, מיר איז נישט גוט...

איידל: בעבעלע, וואָס איז דיר?

בעבעלע: אוי, דער קאָפּ; ס׳דרייט זיך מיר דער קאָפּ.

איידל: איך שווער דיר, בעבעלע, איך בין ניט שולדיק.

בעבעלע: אוי, מיר איז נישט גוט. רוף דער מאַמען.

גיטל (קומט אָן): ווי איז מיר, בעבעלע, וואָס איז דיר?!

איידל: דער קאָפּ האָט זיך איר פֿאַרדרייט.

גיטל: נאַ דיר אַ ביסעלע וואַסער... נו, שלינג אַראָפּ, שלינג אַראָפּ...

איידל: פּלוצלונג איז איר נישט גוט געוואָרן.

גיטל: איידעלע, מיין קינד, לויף אין בית המדרש אַריין; הייס אַרויסרופֿן מיין מאַן. זאָל ער די מינוט קומען אַהיים. איך וועל עס נישט אויסהאַלטן.

איידל: איך גיי שוין.

בעבעלע: אוי, מיין קאָפּ.

איידל (קושט בעבעלען): הער אויף, בעבעלע, איך בעט דיר, הער אויף...

(גייט אַרויס.)

גיטל: ווי איז מיר, ווינד איז מיר. אַן עין־הרע האָט מען מיר ס'קינד געגעבן. ליבע האָט מיין קינד אַ גוט אויג געגעבן. נישטאָ וועמען אין שטוב צו לאָזן. איך וועל זי רופן, זאָל זי מיר זאָגן, וואָס זי האָט צו מיר.

בעבעלע: ניין, מאַמעשי, זי איז נישט שולדיק.

גיטל: טאָ וואָס דען איז דיר? ווי איז מיר, ווינד איז מיר.

בעבעלע: ס'איז מיר שוין באַלד בעסער, מאַמעשי.

גיטל: זי האָט דיר אַ גוט אויג געגעבן. זי האָט דיך געקושט. איך וועל זי שיקן רופן.

בעבעלע: מאַמעשי, מען באַדאַרף נישט, מיר איז שוין בעסער.

גיטל: אויף איין מינוט בין איך פון שטוב אַרויסגעגאַנגען. אויף אַ רגע בין איך פון שטוב אַרויס. דיר איז בעסער, מיין פייגעלע?

בעבעלע: מיר איז נאָר אין די אויגן אַ ביסל פינצטער געוואָרן, אָבער ס'האָט שוין אויפגעהערט.

גיטל: און ס'הערצעלע?

בעבעלע: קלעמט אַ קליין ביסעלע.

גיטל: אַ גוט אויג האָט מען דיר געגעבן, מיין קינד. רשעים

מענטשן. וואָס קוקן זיי אַזוי פיל אויף מיין קינד? פאַר וואָס לאָזן זיי קיין אויג נישט אַראָפּ פון מיין קינד?

בעבעלע: גיב מיר נאָר אַ ביסל וואַסער, מאַמעשי.

גיטל: נאַ דיר, מיין קינד. מיר זאָל זיין פאַר מיין פייגעלע. אָט אַזוי לייג אַנידער דיין קאָפּ אויף מיין האַרצן. אָט אַזוי. דיר איז שוין בעסער?

בעבעלע: מיר איז שוין בעסער.

גיטל: קלעמט נאָך ס'הערצעלע?

בעבעלע: ס'האָט שוין באַלד אויפגעהערט.

(מען הערט רעדן הינטערן פענצטער.)

גיטל: דער טאַטע מיט שלום מאירן גייען.

בעבעלע (שפרינגט אויף פון אָרט): איך וועל מיר אויסבאַהאַלטן.

גיטל: וואוהין, מיין קינד?

בעבעלע: ער וועט זען מיינע פאַרוויינטע אויגן.

(אהרן שלמה און שלום מאיר קומען אַן.)

אהרן שלמה: וואָס איז דער מער?

גיטל: ס'איז איר עפּעס נישט גוט געוואָרן.

שלום מאיר: אַ גוטער אָוונט. וואָס מאַכט עפּעס מיין מחותנת־טע?

גיטל: מיין בת יחידה האָט זיך עפּעס פאַרפיעשטשעט.

בעבעלע (קוקט פון אַהינטער דעם שטערן צו שלום מאירן): וואו איז איידל?

אהרן שלמה: זי איז דאָך נאָכגעגאַנגען הינטער אונדז.

שלום מאיר: בעבעלע מאַכט זיך נאַריש.

גיטל: איך האָב אַלץ מורא פאַר אַ גוט אויג.

שלום מאיר: צוליב דיר האָבן מיר פאַרשפּעטיקט מעריב. אָנגעוואָרן אַ מנין.

גיטל: איך נעם די עברה אויף זיך. וואָרעם ווען וואָלסטו אַהער געקומען?

אהרן שלמה: אַז די מאַמע האָלט עס אַזוי ציטעררייק, האָט זי צעלאָזן.

גיטל: הלוואי וואָלט זי געווען ביי איר חתן אַזוי טייער, ווי זי איז טייער ביי טאַטע־מאַמע.

אהרן שלמה (טאַפּט בעבעלעס קאָפּ): אַבי מיך איבערגעשראָקן. כע, כע, אַן איינפאַל אַ ביסל.

גיטל (טאַפּט איר קאָפּ): איך זע אויך חלילה אויף איר קיין בייז נישט.

בעבעלע (ווינקט בגנבה צו שלום מאירן.)

שלום מאיר: מיין מאַמע האָט געלאָזט בעטן בעבעלען אויף היינטיקן שבת צו אונדז.

גיטל: אם ירצה השם. זי וועט זיך נישט לאָזן בעטן.

אהרן שלמה: קיין בייז זאָל נישט זיין. קום, שלום מאיר. אפשר וועלן מיר נאָך פאַרכאַפּן אַ מעריב.

שלום מאיר: אַ גוטע נאַכט. איך ווינטש, אַז בעבעלע זאָל אין גיכן געזונט ווערן.

בעבעלע: איך בין שוין געזונט.

אהרן שלמה: לאָמיר זיך אַ ביסל צעזיילן.

(גייען ביידע אַרויס.)

גיטל (קוקט נאָך אין פענצטער): ווי שיין ער איז!

בעבעלע (פאַרגנבעט זיך הינטער דער מאַמעס פּלייצע און קוקט אויך אַרויס): אָט איז דאָך איידל הינטערן פענצטער! קום אַריין! איידעלע, קום אַריין!

(לויפט צום טיר.)

איידל (קומט אַריין. קענטיק זי האָט געוויינט.)

בעבעלע: איך בין אַזאַ שלעכטע... איידעלע, ביסט אויף מיר ברוגז?

גיטל: אָט זעסטו ווי צעלאָזן דו ביסט. אומזיסט און אומנישט אַלעמען אַזוי איבערגעשראָקן.

איידל (קוקט אָן בעבעלען אָן ווערטער.)

גיטל: וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק; האָסט זיך אויך דערשראָקן. וואָס איז דאָ געווען אַזעלכעס?

איידל (צערטלעך): ער האָט גערעדט צו דיר, בעבעלע.

בעבעלע: יאָ, ער האָט גערעדט צו מיר. ער האָט געזאָגט, אַז די מאַמע זיינע האָט געבעטן מיך צו זיי אויף שבת.

איידל: איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן.

גיטל: דו, איידעלע, ביסט דאָך מיר אַזוי טייער גלייך ווי דו וואָלסט מיינס אַ קינד געווען. איך קען מיין קינד נישט אַ קוש טאָן אַפילו. קום צו מיר. (זי נעמט אַרום איידלען און דריקט זי שטאַרק צו איר האַרצן.) גאָט וועט געבן אַז דיין באַשערטער וועט זיך גאָר אין גיכן אָפּזוכן. איך וועל גיין זוכן אויב שטערן האָבן זיך שוין באַוויזן אין הימל.

(גייט אַרויס.)

בעבעלע: ביסט מיר מוחל, איידעלע?

איידל: זעסט, איך בין אַפילו אין שטוב נישט אַריינגעגאַנגען ווען ער איז געווען.

בעבעלע: האָסט אים געוואָלט זען?

איידל: איך האָב אים דורכן פענצטער געזען.

בעבעלע: יאָ, ער איז אַ שיינער, זייער אַ שיינער?

(זי רוימט עפּעס איין איידלען אין אויער.)

איידל: יאָ, בעבעלע, מער נישט. איך שווער דיר, אַז מער נישט.

גיטל (קומט אַריין): נו וואָס מאַכסטו, מיין קינד?

בעבעלע: מיר איז שוין גוט. מיר ווילט זיך שוין ווידער שפּרינגען און טאַנצן.

איידל (גייט צו און נעמט זי אַרום): וואָס ווילסטו?

בעבעלע: וועסט נאָך קומען צו מיר מאָרגן?

איידל: איך וועל קומען, בעבעלע. אַ גוטע נאַכט, גיטל.

גיטל: גיי געזונט, איידעלע.

בעבעלע: אַ גוטע נאַכט, איידעלע.

**איידל:** שלאָף געזונט, בעבעלע.

(גייט אַוועק.)

**גיטל:** אָט אַזוי נעמט מען עס און מען שרעקט עס איבער אַ מאַמען.

(צינדט אָן דעם לאָמפּ.)

.1915

## פערזאָנען:

כאַטשע שמחה, ישובניק.

רייצע יענטע, זיין ווייב.

זיידע<br>
פעסעלע } זייערע קינדער.

יואל חיים, זיין פאָטער.

אורטשע<br>
כלאָונע<br>
וואָווע<br>
שמערע } ישובניקעס

שרה מלכה, אורטשעס ווייב.

פעלטע פייגעלע, זייער מיידל. זיידעס כלה.

שפרינצע צירל, שמערעס מיידל.

ביניש אַלטער, כלאָונעס זון.

ביי כאַטשע שמחהן, אַ דאָרפיש הייזל. שפּעט ביינאַכט.
ווינטער. די פענצטער באַדעקט מיט שניי. דרויסן
אַ זאַווערוכע.

**יואל חיים** (אַן אַלטער, הויכער געבויגענער ייד, אַריבער הונדערט יאָר אַלט. זיצט ביים אויוון און פליקט פעדערן פון אַ זיפּ. דרעמלט איין יעדע ווייל. טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, די יאַרמלקע פאַלט אַריין אין די פעדערן, כאַפּט זיך אויף און פילט אַז די יאַרמלקע איז נישט אויפן קאָפּ. ער געפינט זי אין די פעדערן, צעלאַכט זיך. רעדט צו זיך אַליין אַרומקלייבנדיק די פעדערן פון דער יאַרמלקע): **האָסטו דיר געזען אַ מאָל, אַ יאַרמלקע זאָל וועלן קליין אויפן קאָפּ... וואו ביסטו דאָרט, פעסעלע?**

**פעסעלע** (רעדט פון אַנדערן חדר): **איך ליג אויפן אויוון.**

**יואל חיים: ס׳איז דיר קאַלט?**

**פעסעלע: איך שלאָף.**

**יואל חיים: די הענער האָבן שוין געקרייט?**

**פעסעלע: שוין לאַנג.**

**יואל חיים: הייסט עס שוין נאָך האַלבע נאַכט.**

**פעסעלע: אַוודאי, שוין לאַנג אַז זיי האָבן געקרייט.**

**יואל חיים: קום אַהער, דאָ איז אויך וואַרעם.**

**פעסעלע: הערסט זיידע, ווי אין דאָרף בילט אַ הונט, דאָס מוזן זיי שוין פאָרן.**

**יואל חיים: דער ווינט רייסט. וועט פאַרטראָגן דעם וועג. און זיי האָבן זיך דאָרט פאַרהוליעט.**

**פעסעלע** (קומט אַריין זעצט זיך לעבן אַלטן): **מיך האָבן זיי נישט געוואָלט מיטנעמען.**

יואל חיים: זאָל מען גאָר דערלעבן ביזקל דער חתונה, נע, וועל איך מיר שוין נישט לאָזן איבעררעדן.

פּעסעלע: די חתונה וועט דאָך זיין זומער; מיר וועלןביידע פאָרן.

יואל חיים: זע נאָר, מיין קינד, צי זיי פאָרן נישט.

פּעסעלע: די שויבן זענען אָנגעפרוירן, אָט וועל איך באַלד אַראָפּ־הויכן דעם אייז... אוי, ס׳אַראַ ווייסקייט דרויסן איז! מען דערקענט נישט דיביימער אַפילו.

יואל חיים: דערלאַנג מיר נאָר אַהער דאָס פלעשל. כ׳האָב שוין איין מאָל גענומען אַ גלעזעלע; עס שלעפערט.

פּעסעלע: ביי דיר איז די יאַרמלקע פול מיט פעדערן.

יואל חיים: כע — כע — כ׳בין אַנטדרעמלט געוואָרן, איז זי אַריינגעפאַלן אין זיפּ. אָט אַזוי מיין קינד... ברענג אַהער אַ גלעזעלע אויך, דאָס קליינע גלעזעלע. אָט דאָס איז עס. וועסטו אויך נעמען אַביסעלע?

פּעסעלע: טאָמער וועל איך נאָך ווערן שיכּור.

יואל חיים: ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם שהכּול נהיה בדברו... האַ, נאָך אַ יאָר וועסטו שוין ווערן אַ כּלה. וועסט ווערן איבער אַ יאָר זעכצן יאָר, ווייסט עס?

פּעסעלע: גיב מיר אַ ביסעלע בראָנפן.

יואל חיים: מאַך אַ ברכה.

פּעסעלע: כ׳האָב שוין געמאַכט... האַ, עס ווערט וואַרעמער.

יואל חיים: איך וועל נעמען נאָך אַ גלעזעלע. פאַר דיר וועט זיין גענוג.

פּעסעלע: אוי, מיר דרייט זיך שוין דער קאָפּ.

יואל חיים: דאָרט טוט זיך איצטער אַ לעבעדיקע וועלט.

פּעסעלע: באשר כ׳האָב דיך נישט געוואָלט לאָזן אַליין.

יואל חיים: גוט האָסטו געטאָן, מען טאָר אַזאַ אַלטן זיידן נישט לאָזן אַליין.

פּעסעלע: איך וועל אויך לעבן אַזוי לאַנג?

יואל חיים: כע, כע, נישט יעדערער דערציט ביז הונדערט יאָר.

**פעסעלע:** דער טאַטע וועט אויך לעבן אַזוי לאַנג.

**יואל חיים:** אַז דער טאַטע וועט אים קענען אָפּנאַרן.

**פעסעלע:** ווען מען מיינסטו?

**יואל חיים:** כע, כע, אים מיין איך, דעם מלאך־המוות.

**פעסעלע:** ווי אַזוי האָסטו אים אָפּגענאַרט?

**יואל חיים:** כע, כע, כע, ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין טיר מיט אַ חלף אין האַנט און מיט טויזנט אויגן מיך געמומען זוכן. האָב איך אויפגעשטעלט די קני און אַנגעטאָן אויף איר די יאַרמלקע האָט ער מיך געקוילעט אין קני — כע, כע, כע.

**פעסעלע:** געווען אַ צייכן אויפן קני?

**יואל חיים:** ווי אַ רויטער פאָדעם געווען אויפן הויט. (טרינקט אַ גלעזעלע בראָנפן.) אָט אַזוי נעמט מען און מען נאַרט אָפּ אַפּילו אים אַליין. זע נאָר צי זיי פאָרן שוין.

**פעסעלע:** כ'האָב מורא צו קוקן אין פענצטער.

**יואל חיים:** דו האָסט נאָך נישט וואָס מורא צו האָבן. נו, זינג מיט מיר... דיי דאַי דים — דים — דים, — אַ, ווע, דים־דים־דאַים... אַז ביי דיר וועט זיין תנאים וועט מען דעם עולם נעמען אַהער. אַ פיינער יונגאַטש כלאַוונעס אָט דער קלענערער.

**פעסעלע:** ער וועט מיך נישט וועלן.

**יואל חיים:** פאַר וואָס וועט ער דיך נישט וועלן? וועט זיך שעמען מיטן זיידן דיינעם, וואָס? וועסט אים זיין אַ כשרע ווייב; האָבן אים כשרע קינדער.

(ער לאָזט זיך אַוועק איבערן שטוב, שיכּורלעך, זינגט.)

**פעסעלע:** אימעצער איז צוגעפאָרן!

(כלאַוונע און וואָווע קומען אַריין מיט אַ „מזל טוב״.)

**יואל חיים:** אָט זענען זיי.

**כלאַוונע:** זיי זיינען דאָך נישטאָ!

**וואָווע:** וואָס האָב איך געזאָגט.

**יואל חיים:** וואָס, נישט געפאָרן אינאיינעם?

**וואָווע:** אַרויסגעפאָרן אינאיינעם; האָט זיך ס'פערד זייערס צע־

טראַגן און אַוועק באַזונדער. מסתמא וועלן זיי באַלד אָנקומען. לאָמיר נעמען צו ביסלעך, זיך אָנוואַרעמען.

פּעסעלע: טרייסלט אָפּ דעם שניי פון היטל.

יואל חיים: וואו איז דיין זון, כלאָוונע? מיר וועלן דאָ פראַוועון אַ תּנאים.

כלאָוונע: לחיים, זאָל נאָך מיין קלענערער יונגאַטש וואַקסן... אָבער אַ הוליע געטאָן...

וואָווע: ווייסט, אַז דאָרט איז נישט געווען קיין ריינער אַכציקער.

כלאָוונע: אורטשע האָט ליב צוצומישן וואַסער... לחיים! אָט דאָס איז ריינער אַכציקער.

כלאָוונע: גיי אַרויס, וואָווע, זע דער פערד זאָל נישט פאַרקי־רעווען אין שטאָל אַריין. נו, פּעסעלע, וואַקס נאָך אונטער אַ ביסל וועל איך דיך נעמען פאַר אַ שנור.

וואָווע: זי איז שוין גענוג גרויס.

כלאָוונע: נאָר שמחות, נאָר געהוליעט... רב יואל חיים, נאָכ־סאָל האָט איר זיך געלאָזט ווערן אַלט? העי, גלייכט נאָר אויס די פּלייצע! גיט נאָר אַ האַנט. זינג נאָר, וואָווע, ווי גייט ער עס דאָרט דער ניגון?

(פאַרלייגט אַ האַנט אויפן אַלטנס אַקסל און טאַנצט.)

שמערע (קומט אַריין): מזל טוב! וואו זענען זיי?

כלאָוונע: כאַ — כאַ — כאַ — אויך אָנגעוואָרן? וועלן זיך גע־פינען. גיב אַ האַנט שמערע, אַפּיי דריצעם, אַפּיי דריצעם — שטעל אַ פּוס, שמערע.

שמערע: מען באַדאַרף גיין זען הינטערן דאָרף, אפשר האָבן זיי פאַרבלאָנדזשעט.

וואָווע: וואָס הייסט, אַ ייד פאַרבלאָנדזשעט? כאַטשע שמחהס פערד ווייסן דעם וועג.

פּעסעלע: וואו איז אייער שפּרינצע צירל?

שמערע: איז אַריינגעקראָכן צו חתן־כּלה אין וואָגן.

רייצע יענטע (קומט אַריין נישט טויט נישט לעבעדיק): אוי ווי איז מיר, יידן, האָט רחמנות.

פעסעלע: וואָס איז עס, מאַמע, וואו זענען זיי?

רייצע יענטע: יידן, ווי איז מיר, וואָס זיצט איר אין שטוב?

וואָווע: וואו זענען זיי?

רייצע יענטע: דער פערד מיט חתן־כלה האָט זיך צעטראָגן.

שמערע: מיין חצופה איז ביי זיי אין וואָגן.

יואל חיים: טראָגט ער זיך דער פערד מסתמא טאַקע אַ היים... דים, דים, דאָים, דים — זינגט זשע קינדערלעך.

רייצע יענטע: איך בין אַרויסגעפאַלן פון שליטן גלייך אין גראָבן אַריין. אַ גליק וואָס דאָרט האָט אָנגעטראָגן שניי.

יואל חיים: באַדאַרפסט בענטשן גומל, מיין קינד.

רייצע יענטע: אַז כ׳האָב מיר אויפגעהויבן איז שוין פון זיי קיין סליאַד נישט געווען.

שמערע: ביסטו אויך געקומען אַהיים צו פוס? כאַ — כאַ — כאַ. קומט, רב יואל חיים, וועלן מיר גיין אַ זוך טאָן.

יואל חיים: דים, דים, דיי, דיי, דים! — זינגט זשע קינדערלעך.

שמערע: ער איז פאַרשנעבעט דער אַלטער.

רייצע יענטע: קום, פעסעלע, מיין קינד, מיט מיר, וואָרעם איך וועל עס נישט אויסהאַלטן. קום, מיר וועלן זיך אַריינזעצן אין שליטן.

כלאַוונע: וואוהין, יידענע, וועט איר גיין? באַלד וועלן מיר אַלע אַ פאָר טאָן. זינגט זשע יידעלעך, אָצים דריצעם איי, איי, איי, — נאָר שמחות זאָל טאַקע זיין ביי יידן. קום, וואָווע, קום, שמערע.

רייצע יענטע: פעסעלע, מיין קינד, פאָר דו אויך מיט.

שמערע: נעם נאָר מיט אַ רעכטע בייטש. מיין בייטש־שטעקל האָט זיך צעבראָכן.

פעסעלע: אָט איז אַ גוטע בייטש.

(כלאַוונע, וואָווע, פעסעלע און שמערע לאָזן זיך אַרויס מיט געזאַנג.)

רייצע יענטע: וואָס זאָגט איר צו מיינע צרות, שווער לעבן? כ׳האָב זיך געבעטן, יידן טרינקט נישט, מען וועט נאָך באַדאַרפן פאָרן אַ היים...

יואל חיים: ווייַן נישט, יידענע, וועלן זיך אָפּזוכן.

רייצע יענטע: אַזאַ זאַווערוכע... שאַט נאָר, דאַכט מיר די קאַלב מעקעט אין שטאַל.

יואל חיים: און מיר דאַכט אַז עס איז אַ שעפּסן קול. הערסט?

פעסעלע: טאַקע אַ שעפּסן קול.

זיידע (קומט אַריין באַדעקט מיט שניי.)

רייצע יענטע (פאַלט אים אויפן האַלדז): אָט איז דאָס קינד, וואו זענען זיי? וואו איז די כלה?

זיידע: כ'האָב זיי אָנגעוואָרן. דער שליטן האָט זיך אויסגעקערט. די פערד זיך צעטראָגן.

יואל חיים: האָבן זיך פאַרשנעבעט. כע — כע — כע.

זיידע: אורטשע האָט די פערד באַוויזן די בייטש, זיי האָבן זיך געגעבן אַ טראָג.

יואל חיים: זיינע פערד האָבן פיינט די בייטש.

רייצע יענטע: איך וועל זיך נאָר אַ מעשה אָנטאָן.

זיידע: וואו זענען די איבעריקע?

רייצע יענטע: וואָווע, כלאַוונע, שמערע און פעסעלע זענען אַוועק איך זוכן.

זיידע: זיי זענען שוין געווען? זיי ווייסן דאָך נישט וואו צו זוכן.

יואל חיים: איי זיך פאַרשנעבעט... וואו איז די כלה?

רייצע ענטע: פעלטע פייגעלע, ווי איז מיר, זאָל חלילה מיט איר נישט טרעפן עפּעס.

יואל חיים: האָט מען טאַקע שאַרף אַריינגעשנעבעט?

רייצע יענטע: אָט דאָס איז דאָך מיין אומגליק, ווי איז מיר. כ'האָב זיך געבעטן ווי ביי אַ גזלן, יידן האָט גאָט אין האַרצן. אורטשע האָט אַריינגעקאַטשעט אַ גאַנץ פעסל בראָנפן.

יואל חיים: און מען האָט געצאַפּט פון קראַן?

רייצע יענטע: אַוודאי.

יואל חיים: איז דאָך טאַקע געווען אַ תנאים ביי מיין אייניקל. טאָ וואָס זשע דאגהסטו יידענע?... אַז דער חתן איז פאָראָן, מסתמא וועט באַלד די כלה אויך זיין.

(עס קומען אַריין כאַטשע, שׂמחה, אורטשע, כלאַוונע, שמערע, שׂרה מכלה, פעלטע פייגעלע, און שפּרינצע צירל פאַרשנייטע. דער עולם איז בגילופין. זינגט.)

רייצע יענטע: וואו איז מיין קינד, פּעסעלע?

פעלטע פייגעלע: אוי ווי, זי איז דאָך נישטאָ!

וואָווע: פון אונטער די הענט איז זי מיר פאַרפאַלן געוואָרן.

זיידע: איך וועל זי גיין זוכן.

(לויפט אַרויס.)

אורטשע: נישט באַדאַרפט לאָזן דעם חתן אַליין.

כאַטשע שמחה: מיין זון וועט צען שדים פאַרשטעקן אונטערן גאַרטל.

מכלה שׂרה: וואָס אַ ייד רעדט!

פעלטע פייגעלע: כ׳וועל אפשר נישט אויסהאַלטן.

אורטשע: קלאָג נישט, טאָכטער מיינע, דיין חתן וועט נישט פאַרפאַלן ווערן.

וואָווע: שאַט, שאַט, ווייבער, נישט קלאָגט, איך גיי.

(גייט אַרויס.)

פעלטע פייגל (נעמט אַרום שפּרינצע צירלען און וויינט.)

כאַטשע שמחה: וואָס קלאָגט איר דאָרט, נאַרישע קעלבער?

כלאַוונע: גיב אַ האַנט, כאַטשע שׂמחה, קום אַהער, שמערע, וואו איז די כלה? איי, זינגט זשע יידעלעך וואָרעם די שטוב דרייט זיך.

מכלה שׂרה: דאָס דרייט זיך אייך דער קאָפּ, ווײ איז מיר.

כאַטשע שמחה: שאַט, יידן, וואו איז טאַקע מיין טאָכטער?

רייצע יענטע: איצטער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס קינד איז נישטאָ. כ׳וועל עס אפשר נישט אויסהאַלטן.

וואָווע (קומט אַריין): די הינט בילן אין דאָרף. דאָס פאָרן זיי.

כלאַוונע: יידן, אייך דרייט זיך נישט דער קאָפּ, ברענגט מיר אַהער מיין שטוב. מיין יידענע און די בנים... רב יואל שׂמחה, איר שלאָפט? שטייט אויף, יידעלעך פרייען זיך!

זיידע (קומט אַריין. עס ווערט אַ געטומל. די מאַמעס קושן אים. די כלה פאַלט צו צו אים און וויינט.)

רייצע יענטע: וואו איז פּעסעלע?

זיידע: נישט געזען. די פערד באַדאַרף מען אַריינפירן אין שטאַל. עס דרייט די זאַווערוכע.

כלאַווניע: דער טייוול וועט זיי נישט כאַפּן.

כאַטשע בער: שאַט נאַר, יידן, וואו איז טאַקע מיין טאַכטער?

רייצע יענטע: האָסט זיך אָנגעטרונקען און ווייסט נישט וואו דו ביסט אין דער וועלט.

שמערע: יידענע וואָס איר זענט. די ציג וועט קומען אַ היים.

מכלה שרה: קום, שמערע, לאָמיר גאָר פאָרן אַ היים. קום צירעלע מיר וועלן פאָרן אַ היים.

שמערע: כאַ — כאַ — כאַ — ווער וועט עס פאָרן אַ היים?... איי וואָס מיר זענען זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר! זינגט יידעלעך, וואָס מיר זענען זענען מיר...

רייצע יענטע: נישט אַנדערש אין דעם פּאַסטערנאַק־צימעס איז עפּעס געווען.

מכלה שרה: וואָס רעדט איר? איך האָב דעם פּאַסטערנאַק אי־בערגעקליבן.

רייצע יענטע: איר וועט מיר נישט איינרעדן. נישט אַנדערש אַ משוגענער פּאַסטערנאַק זיך אַריינגעגנבעט, אַנישט וואָלט זיך דעם עולם אַזוי נישט פאַרדרייט די קעפּ.

אורטשע: וואָס וועט איר, מחותנתטע, אויסטראַכטן אויף מיין צימער? איך וועל מיר נישט לאָזן.

פּעסעלע (פאַלט אַריין אַ פאַרשנייטע.)

כלאַווניע: אָט איז זי, יידן! לאָמיר הוליען, לאָמיר טאַנצן...

רייצע יענטע (קושט זי): מיין קינד, וואו ביסטו געווען?

פּעסעלע: אַלע שוין פאַראַן?

(קושט זיך מיט די מיידלעך.)

שפּרינצע צירל: אוי ווי, מיין טאַטע, איז דאָך נישטאָ!

כאַטשע שמחה: כאַ — כאַ — כאַ — וואו איז שמערע?

כלאַווניע: ער איז אַוועקגעפאָרן ברענגען מיינע חברה.

שפּרינצע צירל: קומט, יידן, זוכן מיין טאַטן, אוי ווײ, איך וועל גיין אים זוכן.

רייצע יענטע: לאָזט זי נישט אַרויס פון שטוב.

כאַטשע בער: שמערע איז אַוועק צו כלאָוונען, זאָג איך אייך. זעצט זיך יידן צום טיש. דערלאַנג, מיין ווייב, וואָס צו פאַרבייסן. יידן, צום טיש!

שמערע (קומט אַריין. עס ווערט אַ געטומל.)

כלאָוונע: שמערע, סערצע, וואו ביסטו געווען?

שמערע (ציילט דעם עולם): נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי...

כלאָוונע: אַלע פאַראַנען, וואָס ציילסטו?

שפּרינצע צירל: אָט בין איך דאָך, טאַטע?

שמערע (וואַרפט די היטל אין דר׳ערד פאַר התפעלות): דאָס ביסטו דאָך, מיין כשרע טאָכטער! טאָ וואָס זשע שווייגט איר, יידן? לאָמיר זינגען, לאָמיר שפּרינגען, איי, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר...

כלאָוונע: יידן, זייט עדות: כאַטש כאַטשע בער איז מיר אַמאָל געקראָכן אין וועג אַריין, נאָר איך בין אים נישט קיין שונא. וואו ביסטו זיידע? און דו פעלטע פייגע, חתן־כלה קומט אַהער! זאָל גאָט געבן, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן האָבן נחת פון אייך! קום אַהער, כאַטשע בער, אָדער כאַטשע שמחה.

כאַטשע שמחה: וואָס בין איך אַמאָל געקראָכן אין וועג אַריין? די בהמה איז סיי ווי געווען מיט אַ חסרון, דעריבער האָב איך זי גע־פירט אויפן יריד.

רייצע יענטע: וואָס רעדט איר, כלאָוונע, ווען די בהמה זאָל זיך נישט בריקען וואָלט איך זי אייך פאַרקויפט. האָט נישט צוגעלאָזן די מילך, געמוזט שטענדיק איר געבן אַ ביסל היי אונטער דער נאָז.

כלאָוונע: כאַ — כאַ — כאַ — יידענע וואָס איר זענט! איך רעד נישט פון דער בהמה, כ׳מיין אַז מיין אַלטער בייניש האָט געהאַט אַן אויג אויף אורטשעס טאָכטער און איך אויך; נאָר איך פאַרגין דיר. יידן, זייט עדות, איך זאָג, אַז איך ווינטש די קינדער מזל און גליק.

שמערע: און מיט מיר שטייט דיר גאָר נישט אָן צו משדך זיין?

טאַ זינגט זשע, יידעלעך, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר...

כאַטשע שמחה: וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן? איך זאָג אויך, אַז כלאָונעס קדיש איז אַ וואוילער יונגאַטש.

כלאַוונע: שאַט יידן, כ׳וועל גאָר נעמען פעסלען פאַר אַ שנור.

רייצע יענטע (קושט פעסעלען): ביי מיין קינד איז נאָך די מילך אויף די ליפּן.

כלאָוונע: וואָס זאָגט איר, רב יואל חיים?

יואל חיים: אַ שאָד אַרויסצולאָזן פון שטוב.

שמערע: און מיט מיין קינד שטייט דיר נישט אָן צו טאָן אַ שידוך?

כלאָוונע: זי האָט דאָך אַ חתן.

אורטשע: וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן. איך זאָג, אַז ער איז אַ וואוילער יונגאַטש און דו, שמערע, באַדאַרפסט זיך נישט ברעקלען.

כאַטשע שמחה: שאַט, שאַט, איך גיב קיינעם נישט מיין טאָכטער, כלאָוונע, איך גיב דיר נישט מיין טאָכטער.

שמערע: וואָס דאגהסטו, טאָכטער מיינע, וועסט קריגן אַ חתן. זינגט זשע יידעלעך: וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער גאָט דינען מיר. אוי, אוי, אוי. ס׳איז מיר גוט, ס׳איז מיר וואויל, אוי, אוי, ס׳איז אַ נחת, באַווייז זשע, טאָכטער, ווי דו וועסט טאַנצן אויפן טיש.

כאַטשע שמחה: באַווייז וואָס דו קענסט, שפּרינצע צירל.

מלכה שרה: נו, שפּרינצעלע, באַוויז וואָס דו קענסט!

וואָווע: שווייגט ווייבער! איי ווײ, יידן, ס׳איז מיר גוט!

רייצע יענטע: ווער עס טאַנצט אויף פרעמדע שמחות דער וועט דערלעבן צו טאַנצן אויף אייגענע שמחות... אוי מאַמעלעך, שמערע גייט טאַקע טאַנצן אויפן טיש. לאָזט, כ׳וועל די גלעזלעך אַראָפּנעמען.

שמערע: כאַ, כאַ, כאַ, יידענע! גיס אָן די גלעזלעך פול ביז די ראַנדן און איך וועל טאַנצן צווישן זיי. (ער וואַרפט אַראָפּ די שטיוול און אין די זאָקן קלייבט ער זיך אַרויף אויפן טיש. שרייט.) נו, זינגט זשע מיר, יידעלעך: אוי, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר; וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער גאָט דינען מיר... קום אַרויף, טאָכטער מיינע, העלף דעם טאַטן טאַנצן ביי אַ יידן אויף אַ שמחה.

כלאָונע: נו, שפּרינצע צירעלע, גיי אויפן טיש, דער טאַטע רופט... באַווייז וואָס דו קענסט!

שפּרינצע צירל (וואַרפט אַראָפּ די שיך און שפּרינגט אַרויף אויפן טיש. טאַנצט אַנטקעגן טאַטן.)

שמערע (פאַרקאַשערט די פּאָלעס און טאַנצט גרינג צווישן די גלעזלעך אַנטקעגן דער טאָכטער. זינגט): איי, יידעלעך טייערע, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר...

כלאָונע: וואָווע, סערצע, כאַפּ זיך אַריין אין מיין שליטן און ברענג מיר מיין משפּחה אַהער. כ׳וויל, אַז שמחות זאָל זיין... שמערע! מיין זון נעמט דיין טאָכטער ווי זי שטייט און גייט! יידן, זייט עדות, אַז כלאָונע גיט אָפּ זיין זון פאַר שמערעס טאָכטער. אָן נדן, אָן... איי, וואָס מיר זענען זענען מיר... זינגט זשע, יידעלעך, אָצים דריצעם, אוי, אוי, אוי...

(שמערע און שפּרינצע שפּרינגען אַרונטער פון טיש.)

כלאָונע (נעמט אַרום שמערען): הערט יידן, כ׳האָב געהאַט פאַריבל אויף שמערען, געהאַט ביי אים אַן עוולה. געוואָלט וואַרטן ביזקל יום־כיפּור און כ׳בין עס אים מוחל! כ׳בין דיר מוחל, שמערע. אַך, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר.

(אַ קלאַפּ אין פענצטער פון דרויסן, ברעכט אויס אַ שויב.)

רייצע יענטע: אוי, ווי דער ווינט פייפט.

מכלה שרה: פאַרשטאָפּט די שויב גיכער, מיט אַ שמאַטע.

וואָווע: ס׳האָט מיין פערד אויסגעשלאָגן. בעט זיך אין שטוב אַריין. כ׳וועל גיין, וועל איך אַלע בייזע חלומות צו אים אויסלאָזן.

כאַטשע שמחה: פיר אים אַרונטער הינטער דער שטאַל, דאָרט רייסט נישט דער ווינט אַזוי שטאַרק.

אורטשע: קום אַרויס וועלן מיר זען ווער עס איז דאָרטן. דאַכט מיר ס׳איז נישט דעם פערדס מלאכה.

וואָווע: קום אורטשע!

(גייען ביידע אַרויס.)

כלאָונע: וואָס מיר זענען זענען מיר... געפעלט דיר, שמערע, מיין זון? האָסטו אים! — און דו טאָכטער, געפעלט דיר מיין יונגאַטש, האָסטו אים. איך גיב אים, שמערע, איבער אין דיינע הענט. לערן אים

צו האַלטן אַ בייטש אין דער האַנט, און שבת זאָל ער ביי דיר זיין אַ ייד — זינגט זשע, יידעלעך, אָצים דריצעם, אוי, אוי, אוי... און דו, פעסעלע, האָסט האַלט מיין קלענערן יונגאַטש, ער באַדאַרף נאָך וואַקסן, דו באַדאַרפסט נאָך וואַקסן. וואָס זאָגסטו כאַטשע שמחה?

כאַטשע שמחה: מסכים!

שמערע: ער האָט אַ וואויל קעפל.

רייצע יענטע: מיין קינד קען נאָך וואַרטן.

שמערע: כאַטשע שמחה וועט פעסעלען געבן נדן אויך.

כלאַוונע: טאַ, טאַנץ זשע, צירעלע, מיין שנור! קום אַהער, כלאַוונע רופט דיך. ווילסט זיין מיין שנור? צו מיר אויף קעסט. וועסט דאָס פוטער־פעסל ביי מיר נישט באַדאַרפן דרייען און די בהמה מעלקן אויך נישט.

מכלה שרה: די מאַמע האָט זי נישט געלערנט צו זיין אַ פריצטע. זי וועט דרייען דאָס פעסל און מעלקן די בהמה, אַז מען וועט באַ־דאַרפן.

שפרינצע צירל: וואָס זאָגסטו פעלטע פייגעלע, ס׳איז גוט צו זיין אַ כלה?

זיידע: ווער אַ כלה, צירל, וועט מען ביידע חתונות פראַוון אין איין וואָך.

יואל חיים (וואָס האָט די גאַנצע צייט געדרעמלט רייבט די אויגן און הייבט אָן זינגען): איי, דים, דים — דים — דים, אוי דוי, דים — דים — דאַים.

שמערע: לעבן זאָל רב יואל חיים!

כלאַוונע: מחותן, שמערע! גיב מיר אַהער דיין האַנט. קומט, יידן, לאָמיר פאַרן צו מיר, זאָל מיין יידענע וויסן, אַז איר זון איז גע־וואָרן אַ חתן.

כאַטשע שמחה: זאָל זי טאַקע וויסן, דיין יידענע.

כלאַוונע: נישט געקענט זי מיטנעמען, אַ יידענע האָט זיך פאַר־ריבן, זאָל זי וויסן.

שמערע: איך וועל אים דעם חתן אָנדרייען פאַרן אויער. קומט, יידן, לאָמיר פאָרן. און דו, טאָכטער מיינע, צירל שפרינצע אָדער שפרינצע צירל, אַ דאגה, יידן, אירע צוויי באָבעס כשרע ווייבער געווען.

(וואָווע און אורטשע קומען אַריין, לאַכן אויפן הויכן קול.)

**שמערע: קומט אַריין יידן!**

**וואָווע: ווייסט איר ווער ס׳האָט די שויב אויסגעשלאָגן?**

**אורטשע: מיין באַראַן! מיט די הערנער אויסגעשלאָגן.**

**מכלה שרה: מען האָט געלאָזט אָפן די שטאַל איז ער נאָכגעלאָפן.**

**כלאָוונע: שאַט, יידן, דאָס האָט ער מיר דעם פערד איבערגעשראָקן.**

**שמערע: ער האָט מיין פערד אויך איבערגעשראָקן, כאַ — כאַ — כאַ.**

**אורטשע: מיט געוואַלד אים אין שטאַל אַריינגעפירט. צו דיר, כאַטשע שמחה, אין שטאַל אַריין.**

**רייצע יענטע: איז עס טאַקע אייער באַראַן?**

**אורטשע: כאַ — כאַ — כאַ — יידענע!**

**מכלה שרה: וויל נישט בלייבן אין שטאַל אַליין אָן דעם פערד.**

**רייצע יענטע: טאָ ווי קומט ער צום פענצטער?**

**שמערע: האָט געהערט יידן זענען זיך משמח.**

(אַ קלאַפּ אין פענצטער. אַ שויב צעבראָכן.)

**וואָווע: כ׳האָב געזאָגט מען באַדאַרף דעם טויער פאַרשפּאַרן.**

**זיידע: ער בעט זיך אין שטוב אַריין.**

**מכלה שרה: גיי, חתן, אַוועק פון פענצטער.**

**פעסעלע** (קוקט אין פענצטער)**: מען זעט קיינעם נישט.**

**וואָווע: קום אורטשע, כ׳בין אַ בעלן צו זען וואָס דאָרט איז אַזעלכס.**

**כלאָוונע: קומט, יידן, לאָמיר אים כאַפּן און בינדן.**

**יואל חיים: נעמט מיט די בייטש. כ׳בין אַ בעלן צו גיין.**

(אַלע מענער גייען אַרויס. די ווייבער בלייבן קוקן אין פענצטער.)

**שפרינצע צירל: ער איז אַנטלאָפן געוואָרן.**

**רייצע יענטע: ס׳איז נישט רעכט, מיין קינד, דו זאָלסט שטיין לעבן פענצטער.**

**פעלטע פייגל:** זיי יאָגן אים נאָך.

**מכלה שרה:** גיי דו אויך אַוועק פון פענצטער.

**רייצע יענטע:** האָבן זיך קיין עין הרע אָנגעשנעבעט. זאָלן זיי דאָרט חלילה נאָר נישט בלייבן אין שניי.

**פעלטע פייגל:** קוקט, קוקט, ווי זיי יאָגן אים נאָך. אוי, דער זיידע איז געפאַלן אין שניי!

**מכלה שרה:** מען האָט דעם חתן נישט באַדאַרפט לאָזן גיין.

**שפּרינצע צירל** (שרייט דורך דער צעבראָכענער שויב): זיידע, זיידע, קום אַריין!

**רייצע יענטע:** גיי אַוועק מיין קינד פון פענצטער. וועסט זיך נאָך פאַרקילן.

**שפּרינצע צירל:** אונדזער באַראָן איז אַזאַ קלוגער, פּונקט ווי אַ מענטש איז ער קלוג. אַנומלט זאָגט צו מיר דער טאַטע: גיי שפּרינצע, טרייב אים אַריין אין שטאַל און פאַרשטעל דעם טויער. נעם איך אַ ריטל און וויל גיין צו אים, טוט ער אַ קאָפּיע מיט די הערנער און אַנטלויפט אויף דער לאָנקע. אַזוי ווי אַ מענטש איז ער קלוג!

**פּעסעלע:** איר זעט דער זיידע ליגט אין ניי. קומט לאָמיר אים אויפהייבן. קום צירעלע!

(כאַפּט צירעלען ביים האַנט. לויפן אַרויס.)

**רייצע יענטע:** אַלט איז נישט יונג. אַן איבריק גלעזל גענומען, קען ער זיך שוין נישט איינהאַלטן אויף די פיס.

(די צוויי מיידלעך פירן אונטער די הענט דעם אַלטן.)

**יואל חיים** (האַלט זיך קוים אויף די פיס. זינגט): דים, דים, דיי דיי דאַים...

**רייצע יענטע:** נאַכסאַל, שווער לעבן, האָט איר באַדאַרפט אַרויס־גיין אין אַזאַ זאַווערוכע?

**יואל חיים:** וואו זענען מיינע קינדער, מיינע אייניקלעך?

**פּעסעלע:** זיי זענען אַלע אין גאָרטן; זיי יאָגן זיך נאָך אים.

(מיט געזאַנג לאָזן זיך אַריין אַלע מענער, אויסער כלאָוונע. פאַלן פון די פיס.)

**מכלה שרה:** וואו איז כלאָוונע?

שמערע: האָט זיך אַוועקגעיאָגט נאָך אים.

אורטשע: איך זאָג אים, ס׳איז מיינער און ער יאָגט אים נאָך.

שמערע (זעצט זיך אַנידער און האַלב איינגעשלאָפן זינגט ער): אַך, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר.

וואָווע: זינגט, זיידעשי, אוי ווי ס׳איז מיר גוט; אוי ווי ס׳איז אַ נחת. — כאַטשע בער, דו שלאָפסט? שטיי אויף, דיין זון איז דאָך אַ חתן געוואָרן. אורטשע דו שלאָפסט אויך? — קומט לאָמיר זינגען, לאָמיר שפּרינגען.

שמערע: וואו איז מיין מחותן, כלאָוונע? כ׳וועל אים גיין זוכן.

(לאָזט זיך צום טיר.)

שרינצע צירל: בלייב אין שטוב, טאַטע.

מכלה שרה: לאָזט אים נישט אַרויס.

שמערע: לאָזט מיר, ווייבער. כ׳וועל גיין מיין מחותן זוכן. כלאָוו־נע, וואו ביסטו? קומט, יידן, לאָמיר אים גיין זוכן.

מכלה שרה: אַט בעסער לייגט זיך צו. איר האָט דאָך שוין נישט קיין כוח צו שטיין אויף די פיס.

שמערע: אַך, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר... טאַטע רבונו של עולם — איי ס׳איז מיר וואויל, — לאָזט מיר אויפן טיש. כ׳וויל טאַנצן. גיב אַ האַנט, טאָכטער...

רייצע יענטע: טוט עס נישט. איר וועט נאָך חלילה אַראָפּ־פאַלן. לאָז אים נישט, שפּרינצעלע, מיין קינד, ער וועט אַראָפּפאַלן.

אורטשע: קום, שמערע, איך גיי אויך מיט דיר...

(וויל זיך אַרויפקלייבן אויפן טיש און קען נישט.)

מכלה שרה: גאָט איז מיט אייך, איר וועט זיך נאָך חלילה ממיתן.

כלאָוונע (לאָזט זיך אַריין מיט אויסגעשפּרייטע הענט ווי אויף פליגל, אויסגעטונקט אין שניי. קוקט אַרום דעם עולם): אָט זענען זיי דאָך! כאַ — כאַ — כאַ — שטייט אויף, יידן! ביי מיר איז אַ שמחה... ביי מיר איז אַ שמחה... העלפט מיר טאַנצן, העלפט מיר שפּרינגען.. אָט אַזוי...

מכלה שרה: איר וועט איינוואַרפן דעם באַלקן אַזוי טאַנצנדיק.

**כלאָוונע:** יידן, שפּאַרט אונטער דעם באַלקן! איך וויל זינגען, איך וויל שפּרינגען.

(טאַנצט אַזש די גאַנצע שטוב ציטערט.)

**אַלטער בייניש** (קומט אַריין. זעט אויס ווי אַ זייל שניי. דער עולם צעלאַכט זיך אויפן הויכן קול.)

**כלאָוונע:** מיין זון, מיין קדיש! זינגט זשע, יידעלעך, וואָס מיר זענען זענען מיר...

**פּעלטע פייגל:** אַלטער, דו ביסט געוואָרן אַ חתן!

**מכלה שרה:** וואָס מאַכט די מאַמע?

**אַלטער בייניש:** די מאַמע האָט געהאַט אַ יינגל. קום אַ היים, טאַטע.

(עס ווערט אַ געשריי „מזל טוב, כלאָוונע".)

**מכלה שרה:** אוי ווי איז מיר, מזל טוב, מזל טוב אייך, כלאָוו־נע.

**אַלטער בייניש:** איך בין געקומען רייטנדיק. מען וועט קענען מיין פערד צושפּאַנען צום אָרטשיק; ווי ס'איז זיך אַרויסשלעפּן פון שניי.

**כלאָוונע:** פאַר וואָס האָסטו דער מאַמען נישט געבראַכט?

**אַלטער בייניש:** איך זאָג דאָך דיר, די מאַמע האָט געהאַט אַ יינגל.

**כלאָוונע:** ווער, שפּרה? מיין ווייב? מיין כשרע יידענע? טאָ וואָס זשע שווייגט איר, יידן? שמערע, מחותן, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר... קום אַהער, זון! וואו איז זי... די כלה?

(זוכט.)

**אַלטער בייניש:** וועמען זוכסטו, טאַטע?

**כלאָוונע** (לאָזט זיך אַראָפּ אויף דר'ערד, פּאַטשט מיט די הענט פאַר תענוג): איי, שמערע, אַן איידעם האָבן. איי, אַ שנור וועל איך האָבן! טאַנצט זשע, יידעלעך, טאַנצט זשע, קינדערלעך...

(דער עולם נעמט זיך ביי די הענט און טאַנצט אַרום כלאָוונען.)

**שפּרינצע צירל** (קלייבט זיך אַרויף אויפן טיש און טאַנצט.)

**רייצע יענטע:** דיין כּלה איז דאָך עס, אַלטער ביינישׁ!

**כלאַוונע:** מיין זון, מיין קדיש. אויפן טיש קריך אַרויף, טאַנץ מיט דיין כּלה.

**שמערע** (קושט אַלטער ביינישן): אַך, וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר...

**רייצע יענטע:** ער ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגן.

**זיידע:** גיב אַ האַנט, אַלטער ביינישׁ, ביסט דאָך אַ חתן!

**כלאַוונע:** טאָ וואָס זשע שוויגט איר... שרייט זשע: מזל טוב! —

(עס ווערט אַ געשריי „מזל טוב". מען ברעכט כּלים. אַלע זינגען „וואָס מיר זענען זענען מיר". שפּרינצע צירל טאַנצט נאָך אַלץ אויפן טיש.)

1915.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

שלמה.

שרה.

טעלצע, איר איניקל.

עזריאל.

חיים, זיין יינגל.

חייקל.

אַ קעלער־וואוינונג ענלעך צו אַ הייל. דער סופיט שוואַרץ און געוועלבט, לאָזט זיך האַלב רונד אַראָפּ ביז צו די פענצטער. די ווענט שמוציק. קיין מעבל איז נישטאָ, נאָר אין אייניקע ערטער ליגן אויף שטיקער האָלץ ברעטער און אויף זיי בערג שמאַטעס, וואָס דינען פאַר אַ געלעגער. אין אַ וואַנט צוויי קליינע פענצטער־לעך. אַ הרובע אין אַ ווינקל. ווינטער. אַרום האַלבן טאָג.

שלמה ליגט אויף אַ געלעגער צוגעדעקט מיט שמאַטעס.
שרה זיצט אויף דער הרובע, די פיס אונטער זיך. דרעמלט.
עזריאל שטייט ביים וואַנט און קוקט אין איין פינטל אַריין.
טעלצע ליגט אויף אַ געלעגער.
חיים זיצט אויף דער ערד און צייכנט וואָס אויף אַ פּאַפּיר.

עזריאל: האַ — האַ, דערגאַנגען דעם סוד! דערגאַנגען — אַדרבא, זאָל מיר ווער ווייזן פאַרקערט. (פירט מיט די פינגער איבערן וואַנט.) דאָ האָט איר איין שורה רעכטס און דאָ פאַרנעמט זי זיך לינקס. און ווייטער רעכטס און ווידער לינקס — געוויס; דאָרטן איז דער סמבטיון! קום חיימל, זאָג: וויפל פינטלעך און וויפל פּאַסקעס זעסטו דאָ אויפן וואַנט?

(פאַרקוקט זיך אויף איין פינטל.)

שלמה (קוקט צום סופיט. רעדט צו זיך): ער באַוועבט מיר מיין קאָפּ!... חיימל! נעם אַ שטעקן און טרייב אַראָפּ דעם שפּין איבערן קאָפּ. דעם שפּינוועבס... איבערן קאָפּ חיימל!

חיים (שפרינגט אויף מיט שמחה. קוקט אויפן פּאַפּיר): אָ, סאַראַ גרויסער מויער! צען יאָר אינגאַנצן אַלט, כ'האָב נאָך ניט קיין שיך. נאָך אין צען יאָר אַרום, כ'וועל זיין אַ גרויסער, וועל איך האָבן אַזאַ מויער. איצטער דאַרף מען צעטיילן די קאַמערן...

(נעמט זיך ווידער פאַרן צייכענען.)

שלמה: אַ שטורם, אַז גאָט שיקט אָן — אַ שטורם אין וואַלד — ביימער מיט די וואָרצלען פאַלן. דעמבעס קענען דעם שטורם ניט בייקומען; די ערד אַליין קען דעם שטורם ניט בייקומען. דעמבעס מיט דער ערד אין איינעם קערן זיך אויס. און איך, אָן הענט, איין פוס — נאָר איין פוס איז מיר פאַרבליבן און ס'איז גאָר קיין סוף ניטאָ, חיים, טרייב אַראָפּ דעם שפּין! איך זע שוין באַלד די שיין ניט. חיים!

עזריאל (שפּאַצירט זיך דורך הין און צוריק. קוקט יעדערן אָן מיט חשד. קוקט אַ לאַנגע צייט צו חיימס אַרבעט. חיים מערקט אים ניט.)

שרה (עפנט די אויגן. טרייסלט זיך אויף. גענעצט זיך אויס. רעדט צו זיך אַליין): זודיקע וואַסער, האַ — זודיקע וואַסער, אַ שטי־קעלע שמאַלץ מיט עטלעכע סקאָרענקעס. אַ קוויקעניש. נישטאָ קיין ציינער אין מויל. וואָס קען מען מאַכן אָן ציינער, וואָס? (טראַכט אַ ווײַלע.) אַז כ'האָב געבאָרן בתיהן, איז מיר אַרויסגעפאַלן דער ערשטער צאָן פון מויל; אַז כ'האָב געבאָרן חוהן, איז אַרויסגעפאַלן דער אַנדערער; און אַז כ'האָב געבאָרן נחמנען, האָב איך אָנגעוואָרן דריי ציינער מיט אַמאָל... דערנאָך זענען זיי שוין געפאַלן, געפאַלן ביז איינעם. דאָס מויל איז גאַנצן ליידיק געבליבן... (טאַפּט מיט די פינגער אין מויל.) ליידיק, ליידיק, אַלץ גייט פאַרביי... גייט פאַרביי.

(שאָקלט מיטן קאָפּ ביז זי דרעמלט איין.)

עזריאל (שטעלט זיך ביי אַ וואַנט און פירט איבער איר מיטן פינגער): איר מיינט, אַז די פינטלעך מיט די פּאַסקעס און די פלעקן אויף די ווענט און דער סטעליע איז סתם אַזוי — אַ טעות! אַ גרויסער טעות. אַלצדינג האָט זיין באַדייט, אַלץ האָט אַ ציל. אַדרבא זאָל מיר ווער אויפּווייזן פאַרקערט... אין די אויגן איז מיר פינצטער, איך זע נישט, וואָס דאָרט העכער טוט זיך איבער מיר. (קוקט צום סופיט.) דאָרט איז גאָר אַן אַנדער וועלט. אַ סך וועלטן איז פאַראַן און אַלץ איינע אַנדערש ווי די אַנדערע. קיין זאַך איז ניט געראָטן אין דער אַנדערער. אָט זעט די פינטלעך און די פּאַסיקעס, אָט האָט איר גרויסע און קליינע, גלייכע און קרומע; די קאָליאָרן אויך אַנדערע. (ווענדט זיך צו די הויזלייט.) וואָס זאָגט איר אויף די לאַנגע שורה, וואָס ציט זיך לינקס?

(פאַרטראַכט זיך.)

טעלצע (קריכט אַראָפּ פון געלעגער און שפּאַצירט אום אַפּאַטיש): נחמן געווען אַ נאַר; בתיה געווען אַ נאַר. אַ מענטש אַליין, עלנט. וואָס קען מאַכן אַ מענטש אַליין? בישטאָ קיין חשק אַראָפּצוגיין פון געלעגער. (ווענדט זיך צו דער אַלטער.) באָבע! זאָג, ווי האָט די מאַמע אויסגעזען פאַרן טויט? אַלע זענען אויסגעשטאָרבן; פאַר וואָס האָבן זיי מיך געלאָזן, זאָג? (גייט צוריק אויפן געלעגער.) כ׳וועל רעדן, אין גאַנצן פאַרגעסן. פאַרגעסן מיין נאָמען. עסן, עסן. וואו איז חייקל? פאַר וואָס איז ער נאָך ניטאָ?

חיים (מיט שׂמחה): צען קאַמערן אויף יעדן שטאָק! און אין גאַנצן וועלן זיין — און אין גאַנצן וועלן זיין... (ווענדט זיך צו עזריאלן.) צען מאָל צען פיל איז, טאַטע?

עזריאל (קוקט אים אָן פאַרוואונדערט): אדרבא, זאָל מיר ווער אויפוויזן פאַרקערט...

חיים (צו טעלצען): מומע, זאָג וויפיל איז צען מאָל צען, האָ?

(קריגט קיין ענטפער. רעכנט אויף די פינגער.)

טעלצע: פאַר וואָס שפּילט מען נישט דאָרט אויבן? (טראַכט אַ ווײַלע.) פאַר וואָס זיצן זיי דאָרט אויבן און איך אונטן? פאַר וואָס? ווער האָט מיך אַהער אַריינגעזעצט? פאַר וואָס קען איך נישט אַרויסגייך פון דאַנען?... איך בין אין גאַנצן פערציק יאָר... דרייסיק... פערציק יאָר אַלט. (טאַפּט איר געזיכט.) קנייטשן, קנייטשן. (געפינט אונטערן צוקאָפּנס אַ שטיקל שפּיגל־גלאָז, קוקט זיך איין אין דעם.) יעדן טאָג אַ קנייטשעלע; יעדן טאָג קומט צו אַ קנייטשעלע. דער שטערן דורך אין קנייטשן. די באַקן... (שפּרינגט ענערגיש אַראָפּ פון געלעגער. ווענדט זיך צו דער אַלטער.) באָבע, זאָג: פאַר וואָס בין איך דאָ פאַרשפּאַרט? וואָלט מען שוין אָנהייבן שפּילן דאָרט אויבן... האָ! כ׳וואָלט וועלן הערן דעם פריילעכן, דינעם ניגון. ווי רופט מען אים? ווען איך וואָלט זען וועמען פון אויבן וואָלט איך פרעגן ווי דער ניגון רופט זיך. אַז איך וועל האָבן חתונה... וועט מען יעמאָלט שפּילן?

(זעצט זיך ווידער אויפן געלעגער. שטאַרק פאַרטראַכט.)

חיים (שפּרינגט אויף מיט שׂמחה): צען מאָל צען איז הונדערט,

גאַנצע הונדערט! הונדערט קאַמערן װעלן זײַן אין מײַן שטוב. איצטער דעם קעלער מיט אַ שטאַל.

(נעמט זיך װידער פאַרן צײכענען.)

שלמה (ברעכט אויס מיט אַ ביטערן געלעכטער): **כאַ־כאַ־כאַ. דאָקטוירים! דאָקטוירים אָן קעפּ, אָן מוחות. װאו איז זייער שׂכל, זייער פאַרשטאַנד? בײדע הענט מיט אײן פוס האָבן זײ מיר אָפּגעשניטן — כ׳װאָלט זײ אַלץ מוחל געװען. דעם קאָפּ, דאָס האַרץ פאַר װאָס האָבן זײ נישט אָפּגעשניטן?! װאָס קען אַ מענטש מאַכן נאָר מיט אײן פוס? טאַטע, פאָטער אין הימל! נעם דאָס האַרץ מײַנס, נעם!** (שטעקט אַרויס פון אונטערן צודעק זײַן געזונטן פוס און באַטראַכט.) **דאָס איז מיר גע־בליבן... אין װעלכער ערד פֿוילט דײַן פאַר? אַװאו ערגעץ פֿוילן מײַנע הענט? װאָלטן זײ מיר אײן האַנט געלאָזן — כאָטש נאָר די לינקע האַנט. דאָס מויל האָבן זײ מיר געלאָזן. עסן און שילטן. איך בין הונגעריק — שילטן װעל איך! װעמען זאָל איך שילטן? טרײַבט װער דעם שפּין אַראָפּ! דער שפּין איבערן קאָפּ!**

טעלצע (גײט װידער אַראָפּ פון געלעגער און שפּאַצירט אום): **עפּעס אַ פֿוילקײט האָט זיך מיר אין אַלע מײַנע בײנער אײַנגעגעסן.** (באַקוקט אירע הענט.) **בלײ איז דאָרט אָנשטאָט די בײנער.**

עזריאל (באַװײַזט אויפן װאַנט): **אדרבא, זאָל מיר װער באַװײַזן פאַרקערט! פּאַסקעס און פינטלעך. פּאַסקעס דאָס באַװײַזט אויף די טײַכן, און פינטלעך — מײַנט מען די אינדזלען — די מדינות. אָט האָט איר די גאַנצע לאַנדקאַרטע! איצט לאָז איך זיך צום סמבטיון און דערנאָך צום באַרג אררט און גלײַך קײן פּרס...**

טעלצע (קוקט אָן עזריאלן. שאָקלט מיטן קאָפּ.)

שלמה: **װאָלט זיך דער מויער אײן מאָל פאַר אַלע מאָל אײַנבראָכן און אַלעמען צערײַבן, צעמאָלן! װאָלט אַ דונער פון הימל אַראָפּפאַלן און צעזעצן די װענט מיט אונדז אינאײנעם! פיר חדשים צו זומער נאָך געבליבן. איך װעל דאָ ליגן. זאָגט, װעלכער חודש איז הײַנט? פאַר װאָס שװײַגט איר, אַז איך רוף? ס׳פּלאַצט מיר די גאַל — פאַר װאָס הערט איר נישט?! חײקל! פאַר װאָס איז נאָך חײקל נישטאָ?! דעם שפּין טרײַבט אַװעק איבערן קאָפּ.**

טעלצע (גײט צוריק אויף איר געלעגער): **פֿויל, פֿויל, פֿויל.**

שרה (וואַכט אויף, רייבט די אויגן, קוקט זיך אַרום): נחמן פלעגט מיר שטענדיק טרייסטן, שטענדיק טרייסטן. (גענעצט.) ניט דאגה, מאַמע. אַז כ׳וועל אם ירצה השם אויסוואַקסן... אַ טייער קינד געווען בתיה, אַ ליב קינד. געבאָרן געוואָרן אַ ליב קינד. נחמן איז קליגער געווען. געזאָלט אַ רב זיין, אַלע האָבן עס געזאָגט. קאַ־קאָלט!... ס׳איז שוין נאַכט? מיינע אויגן זענען מיר פינצטער? חייקל? אַ, חייקל? נישטאָ? (שאָקלט מיטן קאָפּ.) אַלץ גייט פאַרביי, אַלץ פאַרביי. זיי פוילן אין דער ערד; אַלע אין דער ערד. אַלץ פאַרביי, אַלץ פאַר־ביי.

(דרעמלט איין.)

חיים: ווען כ׳וואָלט קענען אַרויף אויף דעם אייבערשטן שטאָק, זען, ווי דאָרט איז אַלע קאַמערן, — די טישן, די בענק, דאָרט וואו מען שפילט איז מסתמא אַ גרויסע קאַמער. דאָרטן זיצט דאָס קליינע מיידל, זי שפילט. איר מאַמע זיצט לעבן איר און גלעט איר קאָפּ. (צו עזריאלן.) הער, טאַטע!

עזריאל (מערקט אים ניט.)

חיים (שלעפּט אים פאַרן אַרבל): הער, טאַטע! זאָג מיר — קוק מיר נאָר גלייך אין פּנים אַריין. ביסט דאָך מיין טאַטע, פאַר וואָס ווילסטו מיר אין פּנים נישט קוקן?

עזריאל (וואַרפט צו אים אַ טעמפּן בליק.)

חיים: אַלע טאָג פרעג איך דיר, זאָלסט מיר זאָגן וואו די מאַמע איז. זאָג מיר — וואו איז זי, וועל איך גיין צו איר. איך באַדאַרף דיך נישט. איך וועל זי גיין זוכן. איך וועל גיין פון שטאָט צו שטאָט אין אַלע הייזער. זאָג, טאַטע, ווי רופט מען די מאַמען? ווי האָט זי אויס־געזען זאָג, טאַטע!

טעלצע (לאַכט): איך וועל נאָך, איך וועל נאָך. דרייסיק יאָר אַלט. פערציק יאָר. (דריקט איר ברוסט מיטביידע הענט.) כ׳וואָלט דאָ האָבן אַ קליינטשיק קינד, אַ וואַרעמינקס, אַ רויטינקס... כ׳וואָלט עס גלעטן. אָט דאָ וואָלט איך עס האַלטן... דריקן, דריקן.

חיים (קוקט זי אָן פון ווייטן.)

טעלצע: ביינאַכט אויפן געלעגער, אַריבערדעקן זיך מיט אים אונטער די שמאַטעס, דריקן צום האַרצן, און ער מיט די הענטעלעך

גראַבלט, זוכט, גראַבלט. דאָס לייב, די ברוסט. אַרום איז פינצטער, פינצטער, איך זע גאָרנישט, נאָר איך פיל ווי ער גראַבלט גראַבלט.

שלמה: חימל, שיינער, קינד! קום צו מיר. טייער קינד, קום צו מיר.

חיים (קריכט אַרויף צו דער אַלטער אויף דער הרובע. זי באַמערקט ניט.)

שלמה: מיט די ציינער וועל איך זיך דאָס לייב בייסן... דעמבעס רייסט דער שטורעם־ווינט אויס אין וואַלד — דעמבעס מיט דער ערד אינאיינעם קערט ער אויס; שטעט ברעכט דער דונער איין. מיין פוס! שניידט מיר אָפּ מיין פוס! שניידט מיר אָפּ דעם קאָפּ! שניידט מיך אויף שטיקער! פאַר וואָס שוויגט איר? רוצחים! מערדער! אַ דונער פון גאָט זאָל אייך אַלע מיט אַמאָל איינברעכן! מאַכט מיר דעם טויט, אָדער הערט מיין בעטן. אפשר זענט איר טויב? אַלע טויב... שׂרה!... טעלצע!... עזריאל! נאָר ער איז דאָך משוגע... חיים!

שׂרה: אַז מען האָט נחמנען אין קבר געלייגט, האָט זיין צורה געלויכטן ווי לעבעדיק. אַן אַנדער קרענק פרעסט אין גאַנצן אויף. אַז כ׳האָב געזען, ווי מען דעקט צו זיין ליכטיקע צורה מיט שאַרבנס, איז מיר אין די אויגן פינצטער געוואָרן. כ׳האָב נישט געוויינט און די אויגן זענען מיר פינצטער געוואָרן. אפשר צוליב דעם זענען זיי פינצטער געוואָרן. ס׳מוז נאָך הענגען דאָס וויגעלע אויפן בוידעם. צוויי וויקלשנורן זענען דאָרט געלעגן — איינער אַ רויטער און איינער אַ ווייסער. נאָך אים געוויקלט. נחמן — ביז דער לעצטער מינוט האָט ער נאָך גערעדט. געוואוסט, ער שטאַרבט. זיין דבור קלאָר. ביז דער לעצטער מינוט... אַלץ גייט פאַרביי.

(שאָקלט מיטן קאָפּ ביז זי שלאָפט איין.)

עזריאל: פון איין שטערן צום אַנדערן איז נישטאָ קיין וועג; פון דער זון צו דער לבנה איז אויך נישטאָ קיין וועג; פון דער ערד צום הימל איז אויך נישטאָ קיין וועג. דאָס באַווייזט, אַז אַלע זענען אַליין אויף זייער וועלטל. אין דעם איז קיין שום ספק נישטאָ. אַדרבא, זאָל מיר ווער וויזן פאַרקערט. (קוקט צו דער סטעליע.) דאָרטן איז נאָך גאָר אַ פרעמדע וועלט. גאָר פרעמד. דאָרט מוזן חיות אויך זיין. אַדרבא, זאָל מיר ווער באַווייזן פאַרקערט.

טעלצע (קוקט אין שטיקל שפיגל־גלאָז): דאָס קען נאָך אויס־

געפירט ווערן; אין גיכן געמאָלט זיין. ראשית דאַרף איך אַנטלויפן פון קעלער אַפילו נישט קומען מער צוריק... אָבער ווי קליבט מען זיך אַרויס פון דאַנען? אַלע פרעמד; קיינעם קען איך נישט. איך האָב שוין פאַרגעסן ווי צו רעדן מיט אַ מענטשן. אַז כ׳וועל ווערן באַגעגענען אין גאַס, וואָס וועל איך אים זאָגן?... וואָס וועט ער מיר זאָגן?... קיינעם, קיינעם קען איך נישט. איך האָב שוין רעדן פאַרגעסן. (ווענדט זיך צו חיימען.) חיימל! טייערער חיימל! וואָס דאַרפסטו דיין משוגענעם טאַטן? קום בעסער צו מיר, קום, מיר וועלן בײדע רעדן. וועסט נישט געפינען דיין מאַמען. אַפילו ווען דו וועסט זי גיין זוכן. הינט האָבן זי אויפגעגעסן. — ס׳אַ גרויסער פראָסט אויף דער גאַס, זי איז פאַר־פראָרן געוואָרן. איך בין שוין אַלט דרייסיק, פערציק יאָר. קענסט מיך רופן „מאַמע״ און איך דיר „טייער קינד״, „ליב קינד״, און אַז חייקל וועט קומען, מיט דער קערבל, וועל איך פאַר דיר אויסקלייבן די ווייסע חלה מיט ראָזשענקעס.

(וואַרט אויף אַ תשובה.)

חיים (באַהאַלט זיין קאָפּ צווישן די קני.)

טעלצע: דיין מאַמען האָבן וועלף אויפגעגעסן; דו האָסט גאָר קיין מאָל קיין מאַמען ניט געהאַט. דיין משוגענער טאַטע ווייס אויך ניט וואו זי איז...

(פון דעם אייבערשטן שטאָק הערן זיך איינציקע קלאַנגען פון עפּעס אַ מעלאָדיע אויפן פּיאַנע.)

חיים (שפּרינגט אַראָפּ פון הרובע): די מוזיקע האָט זיך שוין אָנגעהויבן! איך הער ווי מען שפּילט!

טעלצע: דער דינער פריילעכער ניגון! דאָס שפּילט דאָס שיינע בלייכע מיידל וואָס גייט פאַרביי יעדעס מאָל פאַרן קעלער. אפשר שפּילט דאָרט גאָר אַ קליינע מיידעלע? גאָר אַ קליינינקע, צען יאָר אַלט... איך שפּיר, אַז גאָר קליינע דינע פינגערלעך שפּילן דאָרט. — מען באַדאַרף זיך אויפהייבן נענטער צו דער סטעליע. (שטעלט זיך אויף דעם געלעגער, דעם קאָפּ גענייגט צו דער סטעליע.) דאָס איז דער פריילעכער דינער ניגון. טריל — טריל — טריל... טריל — טריל — טריל...

שלמה: מוזיקע, מוזיקע! אויף דעם האָבן זיי אויערן — רוצחים!

וואַלד־גזלנים! אַ מענטש גייט אויס פֿאַר זייערע אויגן. אַ מענטש גייט אויס...

חיים: אַז איך מאַך צו די אויגן, זע איך די קאַמער, וואו מען שפּילט. אַ שיינער, אַ גרויסער, אַ הויכער חדר. דאָרטן שטייען גרויסע טישן, רויטע און גרויסע, רויטע שטולן. אַ מענטש שפּילט. אַ קליין מיידעלע שפּילט.

(הערט זיך צו.)

טעלצע: דאָס שפּילט אַ קליין, בלייך מיידעלע, מיט דינע, דינע פֿינגערלעך, אין די פֿינגערלעך איז ניטאָ קייןביינדלעך.

(הערט זיך צו. די קלאַנגען גיסן זיך.)

עזריאל: אַט האָט איר די גאַנצע לאַנדקאַרטע, אַלע ימים, אַלע טייכן... (הייבט אויף זיין קאָפּ צום סופֿיט מיט אַן אָפֿענעם מויל.) האַ, מוזיקע, דאָס איז שוין איבער מיר, דאָרט העכער אויף די פֿאַרבאָרגענע וועלטן. דאָרט גייט שוין אַרויס פֿון מיין רשות...

(בלייבט שטיין מיט אַן אָפֿענעם מויל — הערט זיך צו.)

שלמה (בלאָזט צום סופֿיט): אַראָפּ פֿון דאָרט — אַראָפּ! קיין אַנדער עצה איז מיר ניט געבליבן, איך וועל זיך לייגן אויפֿן בויך — מיטן פּנים אַראָפּ. איך זאָל גאָר ניט קוקן, אַניט וועט מיר די גאַל מיינע פּלאַצן. באַלד וועט ער מיר שוין פֿאַרשפּינען דעם קאָפּ, זאָל שוין אַ דונער אויסברעכן! איבערקערן דעם מויער מיטן פֿונדאַמענט — דעם מויער מיט די ווענט, אַז עס זאָל אַ שטיין אויף אַ שטיין נישט בלייבן... אַ ציגל אויף אַ ציגל זאָל נישט בלייבן.

חייקל (קומט אַריין. באָרוועס. טראָגט אַ קערבל מיט שטיקלעך ברויט. שטעלט דאָס קערבל אויף דער ערד. שפּרינגט אַרויף אויף אַ געלעגער, באַהאַלט זיינע פֿיס אונטער די פּאָלעס. עזריאל, טעלצע, חיים מערקן אים ניט): האַ — האַ — האַ — ווי קאַלט! אַנוואַרעמען די פֿיס — פֿאַרגעסן זיי אַרומצובינדן מיט שמאַטעס. אַ פֿולע קאָרב מיט אַלדאָס גוטס האָב איך געבראַכט. איך הער מוזיקע אַלע טאָג, אַלע טאָג הער איך מוזיקע, אַ סך מוזיקע.

שלמה: האַ, חייקל! ביסט געקומען... קום צו מיר, מיין אויס־לייזער. כ'האָב געמיינט, אַז איך גיי שוין אויס ביז דו וועסט קומען.

נישטאָ קיינער אויסער דיר, ווער עס זאָל מיך הערן... ווער זאָל פאַר־שטיין מיינע יסורים. — קום צו מיר, חייקל!

חייקל: באַלד, באַלד. איך וועל נאָר אָנוואַרעמען די פיס.

שלמה: איך האָב נאָר איין פוס, איז ער מיר אויך איבריק. כ׳האָב זיך אויפן טויט געבעטן. כ׳האָב זיך אויפן דונער געבעטן. קום צו מיר, חייקל.

חייקל: נאָך אַ ביסל. נאָר אָנוואַרעמען די פיס. ס׳איז היינט אַ גרויסער פראָסט אויפן גאַס. ביז די קני שניי ליגט אין גאַס. קאַלט אין די פיס, כ׳וועל זיך נאָר אָנוואַרעמען. כלי־זמר הער איך אַלע מאָל אין גאַס און אויף חתונות. אויף חתונות שפּילן כלי־זמר און דער עולם טאַנצט.

טעלצע (קוקט צו חייקלען מיט טיפע שמערצן אויפן געזיכט.)

שלמה: חייקל! חייקל!

חייקל (שפּרינגט אַרויף צו שלמהן אויפן געלעגער): אָט בין איך לעבן דיר — ווילסט חלה מיט ראָזינקעס?

שלמה: דו זעסט דאָרט דעם שפּין? ער באַוועבט מיר דעם קאָפּ. נעם אַ שטעקן און פאַרטרייב אים; צערייס אַלץ.

חייקל: אַ שיינער שפּינוועבס, אַך ווי שיין!

שלמה (בייז): צערייס! צערייס!

חייקל: אָן אַ שטעקן קען איך נישט. (שטעלט זיך אויפן געלעגער און צערייסט מיטן האַנט דעם שפּינוועבס.) אַ שאָד, אַ שאָד אַזוי שיין!

שלמה: און דעם שפּין האָסטו געכאַפּט?

חייקל: ער איז אַנטלאָפן געוואָרן.

שלמה: כאַפּ אים, כאַפּ אים און הרגע! דו וועסט אַוועקגיין און ער וועט זיך ווידער פאַר די אַרבעט נעמען. — כאַפּ אים!

חייקל: ער איז שוין אין ווינקל אַנטלאָפן.

שלמה: יאָג אים נאָך מיט אַ שטעקן און הרגע אים. יאָג אים נאָך.

שרה (וואַכט אויף): חוה האָט נישט געוואָלט גיין נדבות בעטן. איך האָב זיי נישט געשיקט. נחמן פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז איך וועל ווערן אַ מענטש.

**חייקל:** **באָבע, זע; איך האָב געבראַכט פון כל טוב. פרישע חלה, ווייכע.** (קריכט אַראָפּ פון געלעגער, די קלאַנגען פון אויבן ווערן שטיל.)

**טעלצע:** **שוין נאָך דער מוזיק! גאָר קנאַפּ האָט זי היינט גע־שפּילט. ס׳האָט ווער אָנגעשריען אויף איר. מען האָט אויף איר אָנ־געשריען, האָט זי אויפגעהערט. האָ, חייקל! ביסט געקומען. ברויט מיט ראָזשינקעס האָסטו געבראַכט?**

(זוכט אין קערבל.)

**חיים** (גייט צום קערבל): **אַ שאָד אַזוי קנאַפּ געשפּילט היינט. מיט די ראָזשינקעס איז מײַנע.**

(זוכט אין קערבל.)

**שלמה:** **פֿאַר וואָס, אַז איך האָב אייך גערופן, האָט מיר קיינער ניט געהערט?!**

**שרה:** **איך הער, אַז חייקל איז פֿאַראַן אין שטוב. גיט מיר ווער אַ שטיקל ווייכע פּרישע ברויט.**

**טעלצע** (קלײַבט אויס פֿאַר זיך עטלעכע שטיקלעך ברויט, זיצט בײַ זיך אויפן געלעגער און קײַט.)

**חיים** (בלײַבט זיצן בײַם קערבל.)

**שרה:** **חייקל! איך הער אַז דו ביסט דאָ אין שטוב — פֿאַר וואָס ענטפערסטו נישט?**

**חייקל** (שפּרינגט אַרונטער פון שלמהס געלעגער. טראָגט צו דער אַלטער דאָס גאַנצע קערבל): **איך בין געקומען, געוויס, געקומען. אָט האָב איך דיר דאָס גאַנצע קערבל געבראַכט, קלײַב אויס.**

**שרה:** **די פּרישע און ווייכע שפּיר איך צווישן די פינגער, נאָר צי איז עס ווייס?**

**שלמה:** **פֿאַר וואָס האָסטו מיר נישט צוגעדעקט, חייקל? דעם שפּין האָסטו געלאָזן לעבן, ער פֿאַרציט שוין ווידער אַ שפּינוועבס, חייקל!**

**חייקל** (דערלאַנגט שרהן חלה): **איך גיי, איך גיי אָט דאָס איז גוט פֿאַר דיר, ס׳איז ווייך, אָן ציינער קענסטו עס עסן.**

**עזריאל** (נעמט אַרום חייקלען פרײַנטלעך און שפּאַצירט מיט אים

אום): **צווישן איין באַרג און דעם אַנדערן ליגט אַ טאָל און צווישן איין טייך און דעם אַנדערן ליגט די יבשה. איין טייך גיסט זיך אַריין אין דעם אַנדערן, און אַלע — אין ים אַריין. אַדרבא, זאָל מיר ווער באַווייזן פאַרקערט. פאַרשטייסט עס נישט?** (פירט חייקלען צו אַ וואַנט.) **שטיי דאָ און היט. איך באַדאַרף נאָך געפינען דאָס שטיק יבשה צווישן דעם סמבטיון און דער מדינה פרס. שטיי זשע און היט — ניט פון אָרט. און איך וועל גיין עסן.**

(נעמט עטלעכע שטיקלעך ברויט פון קערבל ניט קלייבנדיק. קייט, שפּאַצירנדיק פאַרטראַכטערהייט.)

שלמה: **מיך האָסטו פאַרגעסן, חייקל! כ׳וועל דאָס האַרץ מחיה זיין, איך זאָל כוח האָבן צו שילטן, חייקל!**

חייקל: **באַלד, באַלד.**

עזריאל: **שטיי אויף אַן אָרט.**

חיים: **גיי ברענג בעסערע ברויט. גיי בעט, מען זאָל דיר געבן חלה מיט ראָזשינקעס, גיי.**

חייקל (בלייבט שטיין צעטומלט, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן.)

טעלצע: **זאָג מיר, חייקל, ווי זעען אויס די מענטשן אין גאָס? כ׳האָב שוין פאַרגעסן, ווי זיי זעען אויס. זאָג, דו זעסט עפּעס קליינינקע קינדערלעך אין גאַס, חייקל?**

חיים: **זאָג, חייקל, אפשר זעסטו מיין מאַמען אין גאַס? דו גייסט דאָך דעם גאַנצן טאָג אום אין גאַס — זאָג — איך האָב דאָך אַ מאַמען.**

שלמה: **פאַר וואָס בין איך אַזוי פאַרשאָלטן געוואָרן? פאַר וואָס האָט מען מיר ניט געלאָזן כאָטש די לינקע האַנט — איינציקוויז וואָלט איך אייך די מוחות צעשלאָגן. — חייקל!**

חייקל (כאַפּט דאָס קערבל און שטעלט עס שלמהן צופוסן): **אָט האָסטו דיר דאָס גאַנצע קערבל.**

עזריאל (פירט חייקלען צוריק צו דער וואַנט): **שטיי אויף דיין אָרט און היט.**

שלמה: **שטיק פערד!! וואָס טויג מיר דאָס קערבל, אז כ׳האָב קיין הענט ניט? חייקל! דו רייצט זיך אויך מיט מיר?!**

טעלצע (קריכט אַראָפּ פון געלעגער, נעמט חייקלען פאַרן האַנט):

קום צו מיר, פאָלג זיי ניט. זיץ דאָ, אָט הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן.

עזריאל: וואו אַ באַרג און וואו אַ טאָל וועסטו שוין קיין מאָל נישט געפינען...

(שטעלט זיך ביים וואַנט, קוקט אין איין פּינטל אַריין.)

שלמה: נאָר אַ דונער פון הימל קען אייך אַלעמען אָוועקלייגן. כ'וועל וואַרטן ביז זומער, און וועל גאָט בעטן, ער זאָל אַ דונער אויף אייך אָנשיקן.

שרה: חייקל, חייקל!

טעלצע (האַלט אים צו): הער זיי ניט, הער זיי ניט. זאָל זי זיצן דאָרט, די אַלטע, דערציילן מיר אַ מעשה. דערצייל מיר, וואָס דו זעסט אין די גאַסן — ווען זעסטו דאָרט, האַ? דו, חייקל, ביסט נישט עלנט, דו זעסט אַלעמען — דערצייל מיר, וואָס האָסטו היינט געזען אין גאַס?

חיים (זעצט זיך ווידער אויף דער ערד צייכענען): גיי, חייקל, ברענג חלה מיט אַ סך ראָזשינקעס, גיי זוך מיר אויף די מאַמעס מיינע.

שלמה: וואָס האָט מען מיר דאָס קערבל אונטער די נאָז געשטעלט — דער ריח פון פרישן ברויט זאָל מיר דאָס האַרץ פאַרברענען? נעמט צו! איר נעמט צו. (שליידערט מיטן פוס אַראָפּ דאָס קערבל, די שטיקלעך ברויט צעפליען זיך אין אַלע זייטן.) נאָר איין פוס איז מיר פאַרבליבן און מיט אים וועל איך אַלץ אַרום מיר צעשמעטערן!

חייקל: אַ שאָד דאָס ברויט, אַ שאָד דאָס ברויט.

טעלצע: פון פרי ביז נאַכט ביסטו אויף יענער זייט קעלער — הער, וואָס כ'וועל דיר זאָגן: ווען ביינאַכט אַרויסגיין אין גאַס, וועסט באַגעגענען אַ קליין קינד, אָדער ווייבער מיט קליינע קינדער — כאַפּ אַרויס און לייג אין קערבל אַריין, און קום צו פליען אַהער — צו מיר.

חייקל (קוקט זי אָן פאַרוואונדערט.)

שרה: צען יאָר אַז כ'בין ביי נחמנען אויפן קבר געווען. צען יאָר ביי חוהן אויפן קבר נישט געווען... בתיהס קבר געדענק איך שוין גאָר נישט — חייקל, חייקל!

חייקל (שטעלט זיך): איך וועל גיין אויפקלייבן דאָס ברויט.

טעלצע (האַלט אים צו): וועסט אַנדער ברויט ברענגען. כאָטש נאָר איין נאַכט וויל איך אים האַלטן לעבן זיך. ער וועט מיט זיינע הענטלעך גראַבלען, גראַבלען. באַהאַלטן אים אונטער די שמאַטעס.

(שעפּטשעט אים וואָס אין אויער.)

שלמה: וואָלטן זיי מיינע קינדער געווען — איינציקוויז וואָלט איך זייערע לייבער צעביסן, מיטן פוס די הערצער צעבראָכן. איצט איז מיר געבליבן מיין איינציקע פוס צום בייסן. בייסן מיין אייגן לייב פאַר צאָרן, אויף וועמען זאָל איך מיין כּעס אויסגיסן? — כ׳וועל מיך אַליין, מיין אייגן לייב! —

שרה: אַז דער שניי וועט צעגיין וועל איך בעטן חייקלען, ער זאָל מיך אַרויספירן אויף די זון. כ׳וועל גיין אויפן פעלד. נחמנס קבר וועל איך נאָך דערקענען. כ׳וועל דעם צייכן אָנטאַפּן — דעם שטעקן, וואָס כ׳האָב אין קבר אַריינגעשטעלט. ביי חוהן אויפן קבר מוז נאָך דאָס וויגעלע ליגן. חייקל, חייקל!

טעלצע (האַלט חייקלען, שעפּטשעט אים אין אויער.)

עזריאל (מיט גרויס שׂמחה, פאַרקוועטשט דאָס היטל אויפן קאָפּ): געפונען דעם גלייכן וועג! אַלץ געפונען — דערגאַנגען. (שלעפּט אַרויס אַ געלעגער אויפן מיטן שטוב, שטעלט זיך אויף אים און טאַפּט מיט שׂמחה דעם סופיט.) אָט האָב איך דעם גאַנצן הימל ביי זיך אויפן האַנט — אַלץ אויפן האַנט! פינטלעך און פּאַסקעס; פּאַסקעס און פינטלעך — גאָר קיין נייס אויף דער וועלט נישטאָ — אַדרבא, זאָל מיר ווער באַווייזן פאַרקערט. איצט פאַרשטיי איך שוין דעם סוד, פאַר וואָס דער רעגן גיסט זיך דווקא פון אויבן און נישט פאַרקערט. גאָר קיין נייס אויף דער וועלט נישטאָ, גאָר קיין נייס אויף דער וועלט נישטאָ... אַלץ די אייגענע בערג, אַלץ די אייגענע ימען, אַלץ די אייגענע טייכן. אָט דאָס איז דער סוד פון דעם רעגן. גאָר קיין נייס, גאָר קיין נייס. — אַלץ אויפן האַנט.

(פירט מיטן פינגער איבערן סופיט. רעדט צו זיך אַליין.)

טעלצע (שטייט אויף, נעמט חייקלען אונטערן אָרעם און פירט אים צו דער טיר): איצטער גיי, געדענק, וואָס כ׳האָב דיר אָנגעזאָגט. אָט ווי איך האָב דיר געלערנט.

חייקל (עקשנט זיך): לאָז, כ׳וועל נעמען דאָס קערבל, ברענגען האָלץ. נאָך ברויט.

(כאַפּט דאָס קערבל.)

שלמה: איך וועל פון הונגער שטאַרבן! חייקל, וואוהין?!

טעלצע (שטופּט אים אַרויס אויף דער גאַס): גיי, גיי גיכער. ביינאַכט וועסטו קומען. (גייט צוריק אויפן געלעגער. ליידנשאַפטלעך.) איין נאַכט, איין נאַכט, אונטער דער דעקע, ער וועט זוכן מיט זיינע קליינע הענטלעך, גראַבלען, גראַבלען דאָס לייב. די ברוסט.

(פאַרטראַכט זיך שטאַרק.)

חיים (כאַפּט זיך אויף, לויפט צו צו דער טיר און קלאַפּט מיטן פויסט): חייקל! די מאַמע!... מיין מאַמען! חייקל! געדענק, די מאַמע!

שלמה (שרייט): חייקל, וואוהין! אַ דונער זאָל דיך אויפן וועג איינברעכן! גיי צוריק! נאָר איין ביסן ברויט לייג מיר אין מויל אַריין, איין ביסן ברויט! כ׳וועל בייסן מיין לייב. כ׳וועל גריזען מיינע ביינער. כ׳וועל צערייסן מיין האַרץ און דאָס בלוט אויסטרינקען. איר זענט טויב?! (שרייט מוראדיק.) איר זענט טויב?!... הערט!... הערט, הערט!... איין בי—סן ברויט לייגט אין מויל!... איין בי—סן ברויט!... — דעם — שפּין — טרייבט אַ—ראָפּ!

שרה: איינציקוויז, איינציקוויז אויסגעשטאָרבן מיינע קינדער.. איינציקוויז, איינציקוויז אויסגעשטאָרבן די אייניקלעך. איינציקוויז, איינציקוויז אַרויסגעפאַלן די ציינער. ביסלעכוויז, ביסלעכוויז פינצטער געוואָרן אין די אויגן... ביסלעכוויז, ביסלעכוויז גייט אַלץ פאַרביי!... אַלץ פאַרביי...

(שאָקלט מיטן קאָפּ ביז זי דרעמלט איין.)

1905.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

עוזר זאַלצבערג }ביידע אַכציקער.
נחמה, זיין פרוי }

סימע, הויזמיידל.

חיים פייגין, אַ גוטער פריינט. פּאַראַליזירט.

אשר, פירט אום פייגינען.

סוף זומער פֿאַרנאַכט. ביי זאַלצבערגן. אַן אַלטער גרויסער פּרוכט־גאָרטן ציט זיך ווייט אַוועק אין הינטערגרונט. אין פֿאָדערגרונט רעכטס אַ סוכה צום זיצן. אַ וועג לויפֿט פֿון דער סוכה ביז צו אַ גרויס אַלט הויז, וואָס זעט זיך אַרויס ווייט פֿון צווישן די ביימער. פֿון ווייטן באַווייזן זיך עוזר און זיין פֿרוי. גייען זייט ביי זייט. באַטראַכטן די ביימער.

עוזר (רופֿט): סימע! סימע!

(באַקומט קיין ענטפֿער. ער קלאַפּט מיטן שטעקן אין אַ בוים, רופֿנדיק.)

נחמה: עס קען זיין זי איז פֿון שטוב אַוועקגעגאַנגען.

עוזר: זי וועט דאָך נישט לאָזן די שטוב אַליין.

(קומען אָן.)

נחמה: ביי איר קענסטו אַלץ פֿועלן.

עוזר: האָט נישט וואָס צו טאָן.

נחמה: וואָלט זי נאָר וועלן, מען קען שוין געפֿינען וואָס צו טאָן.

עוזר: אַלצדינג באַדעקט מיט שטויב, אין שטוב.

נחמה: כ'האָב היינט אַראָפּגענומען אַ שפּינוועבס איבערן בעט.

עוזר: האָסט עס איר געדאַרפֿט ווייזן.

נחמה: ווייסט נישט וואָס זי וועט דיר ענטפֿערן? כ'האָב איר געוויזן דעם שטויב אויפֿן אַלמער, ווייסטו וואָס זי האָט מיר געענטפֿערט? אַז מען זוכט נישט, זאָגט זי, געפֿינט מען קיין שטויב נישט.

עוזר: גאָר נישט קיין נאַרישער ענטפֿער, כע — כע...

נחמה: איך פרעג זי, וואָס זי טוט אַזוי שפּעט אין גאַס? ענט־פערט זי — זי גייט שפּאַצירן מיט איר חתן.

עוזר: ווער איז איר חתן?

נחמה: ווייס איך דאָרט וואָס! ענטפערט זי אַזוי. האָט פיינט צו בלייבן שולדיק אַן אָנטפער.

עוזר (קלאַפּט מיטן שטעקן און רופט): סימע, סימע!

נחמה (לאַכט גוטמוטיק): מאַכט זיך נישט הערנדיק.

עוזר: מאַכט זיך נישט הערנדיק, אַז איך רוף? איך גלייב עס נישט.

נחמה: ווי דען, אויף איר איז אַלץ צו גלייבן.

עוזר: איך וועל זי אויסזידלען.

נחמה: וואָס עסטו זיך שוין אָנהייבן מיט איר?

עוזר: דו צעלאָזט זי.

נחמה: איך? אַן איינפאַל. וויפל מאָל האָב איך זי שוין געוואָלט אָוועקשיקן?

עוזר: וואָס עפּעס אָוועקשיקן? איז שוין צוגעוואוינט צום שטוב. זאָל זיין. נאָר מען באַדאַרף זי אויסשטראָפן. איך וועל זי היינט אויס־שטראָפן.

נחמה: דו האָסט זי צעלאָזן. איך האָב געהייסן אַלע טאָג אויס־ווישן די טיר און פענצטער, האָסטו געזאָגט, אַז ס'איז גענוג איין מאָל אין וואָך. זאָל איך דען זיין די שלעכטע?

עוזר: כי, כי, כי... ביסט גאָר אייפערזיכטיק. כי, כי, כי...

נחמה: וואָס פרעגסטו זי אַלע מאָל איבער צי זי האָט שוין גע־געסן? פאַרלאָז זיך אויף איר. זי נעמט פריער פאַר זיך און דערנאָך דערלאַנגט זי דיר.

עוזר: נע, נע, דאָס רעדסטו שוין בייז. דאָס רעדסטו שוין נישט גוט.

נחמה: וואָרעם איך בין גערעכט.

עוזר: זעסטו, אין דעם ביסטו שוין נישט גערעכט. זי מעג. אַ יונגער מענטש, אַז ער האָרעוועט באַדאַרף מען אים געבן עסן צו זאַט.

נחמה: איך זשאַלעווע דען? איך קוק דען נאָך? ווייס איך וואָס דו רעדסט.

עוזר: איך בין אויף איר נישט ברוגז. וואָס זאָל איך האָבן צו איר? כי, כי, נאָר אַ קלוגע איז זי. אַ פּאַרשייטע, ענטפערט צו דער זאַך. איך זאָג איר: האָסטו עס גאָר קיין דרך ארץ נישט פאַר אַן אַלטן מאַן? איך בין דאָך עפּעס דיין בעל הבית? ווייסטו וואָס זי האָט מיר געענטפערט? אייך, זאָגט זי, געפעלט וואָס איך האָב פאַר אייך קיין דרך ארץ נישט. איך בין, זאָגט זי, אַנטקעגן אייך אַ קליין קינד. כי, כי, כי...

נחמה: איז נאָך טאַקע גאָר אַ קינד!

עוזר (גוטמוטיק): אַ שטיפּערקע... כי, כי, כי...

נחמה: אוי ווי איז מיר!...

עוזר: וואָס, ווידער אַ שטאָך געגעבן אין זייט?

נחמה: ווי מיט נאָדלען.

עוזר: אַט זעסטו, און איך זאָג ס'איז אַן עוולה. היט דיך נישט אָפּ. סימע! סימע...

נחמה: וואָס רופסטו? זי איז נישטאָ אין שטוב.

עוזר: נייך, איך וועל זי היינט גוט אויסשטראָפן. איך וועל איר זאָגן אַז דאָ איז איר שלעכט קען זי זיך גיין פון דאַנען.

נחמה: זי זאָגט גאָר נישט, אַז איר איז שלעכט ביי אונדז.

עוזר: טאָ וואָס הייסט עס? אַז כ'רוף ענטפערט זי נישט?

נחמה (כאַפּט זיך ווידער ביים זייט.)

עוזר: איך בין שוין באַלד ברוגז. סימע! סימע! נע, איך וויל עס נישט ליידן. איך וועל זי אפשר היינט דורכטרייבן. איך וועל זי אפשר היינט... נע, איך וועל איר זאָגן, אַז... נע... איך בין שוין ברוגז. איך וויל עס נישט ליידן...

נחמה: רעג זיך נישט אויף אַזוי. מען קען רעדן מיט איר מיט גוטן.

עוזר: אָבער איך וויל עס נישט ליידן. סימע! אַז איך רוף באַ־דאַרף מען ענטפערן!

נחמה: זי פאָלגט מיר אויך נישט. כ'האָב איר געזאָגט, אַז מען

לייגט זיך שלאָפן באַדאַרף מען דעם פענצטער צומאַכן. ענטפערט זי מיר: קיינער וועט מיך נישט אַרויסגנבענען. און אַז מען וועט קריכן דורכן פענצטער אין שטוב אַריין וועל איך, זאָגט זי, דערהערן.

עוזר: און דו זאָגסט עס נישט מיר, אַזאַ זאַך... זי קען זיך נאָך חלילה פאַרקילן און דערנאָך... אַזאַ חצופה... זי וועט שוין מער קיין פענצטער נישט האַלטן אָפן...

נחמה: ער זאָגט פאַרקילן.. איך טראַכט, עמיצער קען אַריין דורכן פענצטער און בדלות שטעלן.

עוזר: יאָ, איך מיין עס אויך. מען קען בדלות שטעלן... ניין, איך וועל זי היינט דורכטרייבן. איך האָב שוין מער קיין געדולד נישט. און רעכט אויף איר, אַז מען האָט אַזאַ גוט אָרט, באַדאַרף מען אים שאַנעווען. טוט מען נישט קיין הפקר זאַכן. זאָל זי זיך גיין!

נחמה: אַ נאַרישע מיידל. ווייסט נישט אַז דאָ איז איר גוט. אַז ווי אַן אייגן קינד איז זי ביי מיר.

עוזר: דאָס האָט מען נישט באַדאַרפט. פון ערשטן טאָג אָן, שטרענג! און איך הייב עס נאָך איצטער אָן. נאָר שטרענג...

סימע (קומט אַן פון צווישן דיביימער. ליכטיק בלאָנד. מיט יוגנט פול. טראָגט אין ביידע הויפנס רויטע מאַלינעס. לאַכט): איר זענט גאָר דאָ און איך האָב אייך איבערן גאַנצן גאָרטן געזוכט. זעט נאָר וואָס כ׳האָב געפונען. פאַרזוכט, העל זאַלצבערג, שטעלט אָן די האַנט וועל איך אייך אַריינשיטן.

נחמה: גיי, ביסט אַ צעלאָזענע מיידל. ער איז שוין געוואָרן אין כעס.

סימע: ווי איז מיר, איר האָט מיך באַדאַרפט?

עוזר: איך בין נאָך איצטער אויך אין כעס.

סימע: ווען איך זאָל עס ויסן. כ׳האָב געמיינט אַז איר שלאָפט.

עוזר: כי, כי, כי... זי מיינט, אַז אַלטע לייט שלאָפן שטענדיק.

סימע: איר שלאָפט דאָך שטענדיק אין דער צייט.

נחמה: גיי און זיי אין כעס אויף איר.

עוזר (גוטמוטיק): כ׳האָב דיך שוין געוואָלט דורכטרייבן.

סימע: איר דאַרפט מיך נישט טרייבן. איך קען אַליין אַוועק־גיין.

נחמה: כ׳ווייס וואָס ער רעדט. ס׳האָט מיר אין זייט אַ שטאָך געטאָן.

סימע: בעסער פאַרזוכט די מאַלינעס. איר זעט, פולע הויפנס.

(עוזר נעמט פון איין האַנט און לייגט אין מויל און נחמה נעמט פון דער אַנדערער האַנט און לייגט צו זיך אין מויל. סימע שטייט אויף די קני מיט אויסגעשטרעקטע הויפנס, און קוקט זיי אין די אויגן.)

עוזר: אַ בעלנות געווען אַזוי פיל נאָך איצטער מאַלינעס אָנ־צוקלייבן.

נחמה: מען זעט זיי שוין קיין מאָל נישט אין דער צייט.

סימע: איך האָב געזוכט פאַר אייך, כ׳האָב געוואוסט אַז איר האָט עס ליב.

עוזר: כי, כי, כ׳האָב שוין באַלד אין גאַנצן אויפגעגעסן, און פאַר דיר נישט געלאָזן.

נחמה (לייגט סימען אַ מאַלינע אין מויל אַריין): נאַ, דו שטי־פערקע דו...

עוזר: און דו זאָגסט, אַז איך האָב זי צעלאָזן.

(כמעט ניט באַמערקענדיק לייגט ער אויך סימען אין מויל אַריין מאַלינעס.)

נחמה: איך זאָג עס נאָך איצטער אויך.

סימע: מיט וואָס בין איך שלעכט? אָט, אַדרבה, זאָגט מיר. איך וואָלט וועלן פון גאַנצן האַרצן, אַז איר זאָלט זיין צופרידן מיט מיר. איך ווייס דען נישט, אַז איך באַדאַרף אייך אויפהיטן. אייער טאָכטער האָט עס מיר אָנגעזאָגט — איך ווייס אָבער אַליין בעסער פון איר.

עוזר: אַוודאי, אַוודאי, וויל מיין טאָכטער, אַז דו זאָלסט אונדז אויפהיטן.

נחמה: איך האָב צו דיר גאָר נישט. ביסט מיר ליב ווי אַן אייגן קינד.

סימע: איך ווייס, אַז איר וועט מיך נישט דורכטרייבן.

נחמה: חלילה, ווער טראַכט פון אַזעלכע זאַכן.

עוזר: נאָר אַ שטיפערקע ביסטו. וואָס האָסטו זיך אַזוי אַוועק־

געזעצט אויף דער ערד און מען קען מיינען דו קאַרמעסט צוויי הינער?

סימע: עס טוט מיר ווײ די פיס. כ'בין אַ סך אומגעגאַנגען.

עוזר: וועסט זיך היינט לייגן פריער שלאָפן, און באַדאַרפסט נישט אויפשטיין אַזוי פרי.

סימע: איך הער, אַז איר שטייט אויף, נו ווי קען איך שוין שלאָפן.

עוזר: האָסט אויף מיר נישט וואָס צו קוקן.

נחמה: אַט זעסטו, ביי דיר איז רעכט, זי זאָל שלאָפן ביז האַלבן טאָג.

עוזר: כי, כי, האָסט אַ שלעכטע בעל־הביתטע... כי, כי...

סימע: נו, וואָס זאָל איך אייך איצטער אַרויסברענגען?

עוזר: ברענג מיר אַרויס מיין שלאָף־ראָק, ס'איז שוין קילבלעך.

סימע: זאָל איך אייך, מאַדאַם, אפשר אַרויסברענגען אַ טוך?

נחמה: יאָ, מיין קינד, ס'איז שוין טאַקע קאַלט.

סימע (לויפט אין שטוב אַריין.)

עוזר: און דו האָסט זיך געבייזערט אויף איר.

נחמה: איך האָב געזאָגט, אַז כ'האָב, חלילה, צונ'איר גאָר נישט.

עוזר: דו ביסט אַ שלעכטע, ביסט צו מיר אויך שלעכט.

נחמה: וואָס נאָך פאַר אַ בילבול וועסטו אויף מיר אויס־טראַכטן?

עוזר: זעסט, אַט איז זי שוין צוריק. ווי זי שפּרינגט! לויף נישט אַזוי! וועסט נאָך פאַלן איבער די צוויגן!...

סימע (קומט אָן. טוט אים אָן דעם שלאָף־ראָק און איר די טוך): אַט אַזוי וועט אייך זיין וואַרעם.

עוזר: ס'קומט פאַרנאַכט, פאַלט שוין אַ קאַלטער טוי.

סימע: פייגין פאָרט דאַכט מיר אַהער.

עוזר: האַ, האַ... זייער גוט. זאָג אים, מיר זענען אין גאָרטן. עפן אויף דעם טויער און זאָל ער אַריינפאָרן אַהער.

נחמה: נישט אַנדערש. בעט אים אַהער...

**סימע** (אָפּגײַיענדיק, שרײַט): **וואַרט דאָרט לעבן טויער! איך גיי אויפעפענען.**

**עוזר: שוין דריי טעג אים נישט געזען.**

**נחמה: קען זײַן ער איז געלעגן צו בעט.**

**עוזר: געקענט זײַן גאָר אַ שטאַרקער ייִד.**

**נחמה: ווען נישט גאָטס שטראָף.**

**עוזר: אַ גרויסע שטראָף... כּי, כּי, אַזאַ חוצפּה האָט אַנגעקליבן אַזעלכע שאַרפע מאַלינעס. אַ וואויל קינד.**

(מיטן וועג קומט אָן פײַגין, געפירט אין אַ שטול אויף רעדער. אָשר שטופּט דעם שטול. סימע גייט אויך נאָך.)

**פײַגין** (גרוי און אַלט. זיצט אין שטול איבערגעדעקט די פיס מיט אַ פּלעד.)

**עוזר: אַ גלײַכע זאַך האָסטו געטאָן, דאָ איז גאַנץ פריש.**

**נחמה: וואָס עפּעס גאַנצע דריי טעג נישט געזען?**

**אָשר: הער פײַגין איז געלעגן.**

**נחמה: וואָס האָב איך געזאָגט?**

**פײַגין: מײַן יונגערמאַן וואָס גייט מיר נאָך פון הינטן האָט זיך געפּוילט מיך צו פירן, האָט ער מיר אײַנגערעדט, אַז כ'בין אַ חולה און באַדאַרף ליגן אין בעט.**

(הוסט.)

**נחמה: טע, טע, טע, אָט הוסט איר. טאַקע פאַרקילט.**

**אָשר: איר האָט נאָך הײַנט אויך נישט באַדאַרפט אַרויספאָרן.**

**סימע: מיט וואָס זאָל איך מכבד זײַן דעם גאַסט?**

**פײַגין: אָט איז דער אַנדערער גוטער מענטש.**

**סימע: געוויס בין איך אַ גוטער מענטש.**

**פײַגין: איי, זענט איר גוט. איר קענט דען לײַדן אַלטע לײַט?**

**סימע** (ווינקט זיך דורך מיט אָשרן.)

**נחמה: אומזיסט האָסטו פאַראיבל, חיים. אָט זאָג איך איר אין די אויגן, זי איז אַ גרויסע שטיפערקע, נאָר כ'ווינטש איר קיין בייז נישט. איז מיר אַ גוטער פרײַנט.**

אשר: הער פייגין איז אויף מיר אין כעס פאר וואס איך גיי א פארטראכטער ווען איך שטופ דעם שטול.

פייגין: מען האט מיך די וואך שיר נישט איבערגעפארן.

עוזר: אזוי... שיר נישט איבערגעפארן. כי, כי, כי, דו יונגאטש איינער — פארגעסט זיך, אז דו פירסט א לעבעדיקן מענטשן. טאמער עפעס, דו קענסט אנטלויפן און ער נעבעך...

פייגין: אט דאס שריי איך. חלום נישט! רעד א ווארט ארויס. גייט ער הינטער מיר און כ'מיין ער איז שטום געווארן.

אשר: נעמט סימען. זי איז א בעסערע פון מיר.

פייגין: וואלט זי נאר וועלן גיין צו מיר.

סימע: איך וועל גיין. פאר וואס נישט? סיי ווי וויל מיך הער זאלצבערג דורכטרייבן.

עוזר: דו נאריש מיידל דו. ווער האט עס דיר געזאגט? האט זיך איינגערעדט, אט, דו נאריש מיידל.

פייגין: דאס מאכט זי נאר אן אנשטעל. כ'וועל אים שוין מוזן האלטן, אט דעם שלאק... נו איצטער ביסטו פריי... קענסט זיך גיין אויב דו ווילסט.

סימע (ווינקט צו אשרן. זיי גייען ביידע אפ אין הינטערגרונט.)

פייגין: כע, דאס בייזער איך זיך נאר. מען קען נישט אנדערש. א וואוילער בחור. האט א שארפן קאפ. אין רעכענען — פייער־פלאם. איך כאפ אים אמאל, אז ער שטופט הינטער דעם וועגל גייענדיק, מיין איך, אז ער איז אנטשלאפן געווארן, פרעג איך פלוצלונג: וויפל איז טויזנט מאל טויזנט — ער ענטפערט! גאר נישט געקלערט. כאטש פרעג אים וויפל שטערן אין הימל פאראן, ט'ער אויך זאגן.

(אין הינטערגרונט איז צו זען ווי סימע קלעטערט אויף א בוים — אשר העלפט איר אונטער.)

נחמה: מיינע אויך, א דימענט. שאנעוועט אונדז ווי אייגענע טאטע־מאמע.

פייגין: איך האב אזעלכס באדארפט האבן. איך זע, אז זי איז מיט א גוט הארץ... זענען שוין די עפל דערשטאנען?

עוזר: פאלן פון דיביימער. נישטא ווער זיי אויפצוקלייבן.

**אַט ווילסט, וועל איך דיך אַ ביסל דורכפירן דעם גאָרטן... העלף מיר, נחמה.**

(ביידע שטופּן דעם שטול.)

סימע (קומט צו לויפן פאַרגנבענענדיק זיך צווישן די ביימער און ווינקט פון ווייטן צו אָשרן ער זאָל קומען.)

אָשר (קומט. באַהאַלטן זיך אונטער אַ בוים. כאַפּן זיך אַרום און לאַכן צופרידן.)

סימע: **זע נאָר, ווי די אַלטיטשקע שטופּן דעם שטול?**

(קוקן ביידע אַ צייט אַהין וואו צווישן די בוימער שפּאַצירן די אַלטע.)

אָשר: **ווילסט, וועל איך אים אָנרעדן ער זאָל דיך נעמען. וועסט גאָר נישט האָבן צו טאָן דאָרט.**

סימע: **ניין, איך האָב מיינע אַלטיטשקע ליבער. ווי צוויי ווייסע טייבעלעך זעען זיי אויס. כ'האָב זיי ביידן פריער ווי צוויי טייבעלעך געלייגט מאַלינעס אין די מיילער... און דער אַלטיטשקער, איי האָט ער מיך ליב! ווייסט, ער בייזערט זיך אַמאָל אויף מיר אומישנע. איך מאַך מיר אַזוי דערשראָקן, און איך הייב אַזש אָן צו וויינען. ווערט אַזוי ווייך. הייבט ער מיר אָן צו גלעטן און זאָגן, אַז ער האָט עס נישט געמיינט אַזוי ערנסט. כאַ, כאַ, כאַ.**

אָשר: **אַלט איז נישט יונג.**

סימע: **אַלט איז נישט יונג.**

אָשר: **און יונג איז נישט אַלט.**

(ער קושט זי.)

סימע: **כאַפּ מיך!**

(רייסט זיך אַרויס פון אים און לאָזט זיך לויפן.)

אָשר (יאָגט זיך נאָך.)

(עוזר און נחמה קומען אָן מיט פייגינען.)

עוזר: **פאַרשטייסט, צייטנווייז דאַכט זיך דיר אויס, אַז ביסט נאָך גאָר ניט אַזוי אַלט. קענסט נאָך גאָר אַ ניי לעבן אָנהייבן.**

נחמה: **די וועלט פיין אָפּגעלעבט. נישטאָ וואָס צו באַקלאָגן זיך. וואָלט איך נאָר זיין אַזוי מיט יענער וועלט באַזאָרגט.**

פייגין: ווען איך זאָל נאָר קענען פון וועגעלע אַראָפּ. כ׳וואָלט נאָך וועלטן איינגענומען. אַזוי אָבער טראַכט איך אַמאָל: די וועלט איז שוין נישט פאַר דיר.

נחמה: כּל זמן מען לעבט, לעבט מען.

עוזר: אַוודאי, כּל זמן מען לעבט, איז מען אַ מענטש...

(גייען פאַרביי.)

(אָשר און סימע קומען אָן פאַרגנבענענדיק זיך פון צווישן די ביימער און באַהאַלטן זיך ווידער אונטער אַ בוים.)

סימע: דער אַלטיטשקער וועט אפשר וויינען, אַז כ׳וועל עס אים אָנזאָגן.

אָשר: וואָס גייען זיי אונדז אָן?

סימע: טאַקע וואָס גייען זיי אונדז אָן? (נעמט אַרום זיין קאָפּ און קוקט אים אין די אויגן.) ווען דו וואָלסט אָבער געקענט גוט קלעטערן, וואָלסטו דאָרט איבער דעם צוים ביינאַכט אַריבערגקלעטערט און וואָלסטו טאַקע מיין פענצטער געפונען אָפן.

אָשר: האָב איך טאַקע געקענט קלעטערן און דיין פענצטער איז געווען פאַרמאַכט.

סימע: אַזוי גאָר? קריכסט גאָר ביינאַכט אין פרעמדע גערטנער. גוט וואָס כ׳האָב נישט דערהערט. איך וואָלט געמאַכט אַ געוואַלד און מען וואָלט דיך געכאַפּט. ביי אונדז איז דאָ ביינאַכט אַ שומר אין גאָרטן. יאָ. אַ געזונטער שומר.

אָשר: אָבער דעם פענצטער האָלטסטו פאַרמאַכט.

סימע: ניין, אָפן.

אָשר: ניין, פאַרמאַכט.

סימע: צו וואָס פאַר אַ פענצטער ביסטו געגאַנגען?

אָשר: אָט צו יענע פענצטער וואָס קומען אַרויס, דאָרט פון דער לינקער זייט.

סימע (שיסט אויס מיט אַ געלעכטער): דאָס איז דאָך זייער פענצטער! זיי האַלטן אים שטענדיק פאַרמאַכט. האָבן מורא טאָמער פאַרקילן זיי זיך.

אָשר: וואו זשע איז די פענצטער פון דיין צימער?

סימע: קום, איך וועל דיר ווייזן... שאַ אָט זענען זיי שוין.

(פאַרשווינדן צווישן די ביימער. עס קומען אָן עוזר, נחמה און פייגין.)

עוזר: כי, כי, אַז איך האָב מיט איר חתונה געהאַט איז זי געווען גאָר אַ ציג... געשאָטן נאָך זאַמד אין טשעפּיק און געשפּילט אין צייכנס. כי, כי... האָט מיך נישט געלאָזט אויף די אויגן.... אָט די ציג.

נחמה: וואו נעמט מען איצטער יענע יאָרן? אַז כ'האָב געבוירן ס'ערשטע קינד בין איך נאָך אַ קינד געווען.

עוזר: אָט, נישט געוואוסט וואָס אין בויך וואַקסט. מען האָט איר געקענט איינרעדן, אַז קעצעלעך האָט זי אין בויך, כי, כי, כי...

נחמה: גיי, שוין גיי... ווי דען טאַקע? צו יונג געווען...

פייגין (לאַכט אויך גוטמוטיק): איי, די יונגע יאָרן.

עוזר: מען האָט מיך חתונה געמאַכט. נישט געוואוסט וואָס ס'איז. געמיינט ס'איז מיט די ייִנגלעך אין קנעפּלעך שפּילן און זי איז נאָך גאָר געווען אַ ציג...

(גיט דער אַלטער אַ קניפּ אין באַק.)

פייגין: טע, טע, ווען מען קען צוריק איצטער כאַפּן יענע יאָרן. איצטער איז די וועלט קליגער.

(גייען פאַרביי.)

(סימע און אָשר קומען אָן.)

סימע: איצטער באַווייז מיר ווי אַזוי דו וועסט ווערן ברוגז אויף מיר.

אָשר: איך וועל קיין מאָל נישט זיין אין כעס אויף דיר.

סימע: אַזוי האָב איך פיינט. מען באַדאַרף ווערן ברוגז און דערנאָך זיך איבערבעטן.

אָשר: אַז איך וועל שוין אַמאָל יאָ ווערן ברוגז, וועל איך זיך קיין מאָל נישט איבערבעטן.

סימע: וואָס הייסט?

אָשר: איך פרעג אויך, וואָס הייסט?

סימע: פאַר וואָס וועסטו זיך מיט מיר קיין מאָל נישט איבער־בעטן?

אָשר: טאָ פאַר וואָס זאָלסטו מיט מיר זיין ברוגז?

סימע: אַזוי. אַ ווייב מוז אַמאָל ווערן ברוגז. זי מוז. פאַר־שטייסט? אַז איך וועל אויף דיר נישט ווערן ברוגז... איי, גיי, דו פאַרשטייסט גאָר נישט...

אָשר: פון וואַנען ווייסטו אַזעלכע זאַכן?

סימע (גיט אים אַ שנעל אין נאָז): ווער ברוגז!

אָשר (גיט איר אַ קוש.)

סימע: ווער ברוגז!

אָשר: איך האָב דיך ליב.

סימע: און איך האָב דיך פיינט!

(אַנטלויפט.)

אָשר (בלייבט אַליין צעטומלט.)

(די אַלטע קומען אָן. אָשר באַהאַלט זיך הינטער אַ בוים.)

עוזר: כי, כי, ווייסטו וואָס זי האָט מיר אַמאָל אָפּגעטאָן? ברוגז געוואָרן אויף אַ גאַנצע וואָך... כ׳ווייס נישט פאַר וואָס און פאַר ווען...

נחמה: דערצייל זשע אָבער פאַר וואָס כ׳בין ברוגז געוואָרן.

פייגין: מער ווי איין מאָל איז זי נישט ברוגז געוואָרן?

עוזר: אָבער אויף אַ גאַנצע וואָך! נישט געגעסן. כי, כי... נישט געגאַנגען שלאָפן צו מיר אין חדר. אין אָנטאָן געשלאָפן אַ גאַנצע וואָך.

(אַלע לאַכן גוטמוטיק.)

פייגין: און איר האָט זיך איבערגעבעטן?

עוזר: געקומען ערב שבת. און אין שטוב איז פינצטער. ממש פינצטער. כ׳האָב זי פוגע בכבוד געווען. זי האָט געוואָלט אַ קלייד. זאָג איך: וואָס באַדאַרפסטו נאָך דער חתונה קליידער? כי, כי, אַזוי האָב איך געזאָגט. האָסט דאָך שוין אַ קינד... כי, כי, ווערט זי ברוגז. אָבער אויף אַ גאַנצע וואָך!

נחמה (לאַכט גוטמוטיק): אַז מען איז יונג איז מען נאַריש. האָב

געמיינט, אַז ער האָט מיך אָפּגענאַרט. און ווי פּל האָב איך פאַר יענער וואָך געוויינט!... די קישן נאַס געמאַכט...

פייגין: און זיך איבערגעבעטן?

עוזר: געמוזט... אויסגעקליבן צען גילדערנע רענדלעך. דאַכט זיך אַז צען, וואָס זאָגסטו, נחמה?

נחמה: אַוודאי צען.

עוזר: צען גילדערנע רענדלעך אין טשעפּיק אַריינגעלייגט.

פייגין: איז זי בעסער געוואָרן?

עוזר: בעסער געוואָרן! די מינוט בעסער געוואָרן.

נחמה: כי, כי, כי, שטייען נאָך מיר איצטער פאַר די אויגן יענע צען גילדערנע רענדלעך...

סימע (קומט אָן): איר האָט זיך דאָך פאַרמאַטערט. לאָזט מיר, איך וועל שטופּן דעם וועגעלע.

עוזר: פּאַמעלעך, פּאַמעלעך.

פייגין: אָט אַזאַ פירן האָב איך ליב.

(זי שטופּט שנעל מיט דער אַלטע דעם שטול. עוזר און נחמה גייען נאָך.)

אָשר (פאַרגנבעט זיך און קוקט צו פון ווייטן. ער גייט אויך אַוועק אין יענער ריכטונג. ס׳איז צו מערקן ווי ער וויל איבערנעמען ס׳וועגעלע ביי איר. זי גיט עס אים איבער און אַליין לויפט זי אַוועק און באַהאַלט זיך אין סוכּה.)

סימע (לאַכט פאַר זיך אַליין מיט אַן איינגעהאַלטענעם צופרידענעם געלעכטער.)

אָשר (קומט אָן): סימע, זייט נישט ברוגז אויף מיר. איך בין נישט שולדיק.

סימע: איך האָב געהאַלטן פון אייך מער.

אָשר: איך בין נישט שולדיק. איך האָב נישט פאַרשטאַנען.

סימע: וואָס האָט איר דען צו פאַרשטיין? אַז מען האָט ליב באַדאַרף מען זיך לאָזן אַפילו אָפּבייסן אַ פינגער אויך.

אָשר: נו, הייסט, וועל איך עס טאָן.

סימע: איצטער איז שוין צו שפּעט.

אָשר: זייט נישט ברוגז אויף מיר.

סימע (שווייגט.)

אָשר: נו, איך בעט אייך. איך וועל אפשר אָנהייבן וויינען. איך וועל אפשר היינטיקע נאַכט נישט קענען שלאָפן, אויב איר וועט מיר נישט זאָגן, אַז איר זענט נישט ברוגז. ס׳מאַכט זיך אַ מאָל, מען רעדט אַרויס אַזאַ זאַך וואָס מען קלערט נישט אַפילו. ס׳רעדט זיך אַרויס; וואָס באַדאַרפט איר אָבער אַזוי זיך נעמען צום האַרצן?... סימע, איך בעט אייך...

סימע (נעמט אַרום זיין קאָפּ): נאַ־רי־שער ב־חור, נאַ־רי־שער ב־חור... איצטער ווייסט איר שוין פאַר וואָס אַ ווייב באַדאַרף אַ מאָל ברוגז ווערן אויף דעם מאַן? ס׳איז דערפאַר, ער זאָל נישט ווערן זויער... ס׳איז דערפאַר, אַז מען זאָל זיך איבערבעטן.

אָשר: זענט איר נישט ברוגז?

סימע (ציט די ווערטער): ביסטו נישט ברוגז?

אָשר: ביסטו נישט ברוגז?

סימע: ניין. איך בין נישט געוועזן ברוגז און איך... קום, קום... מיין קליינער, שיינער יינגעלע, גיב מיר דיין האַנט... איך וועל דיר פירן אין אונדזער גאָרטן און וועל דיר באַווייזן זייער אַ שיינעם אָרט...

(גייען אַוועק.)

(די אַלטע קומען אָן.)

עוזר: ווי נאָר עס ווערט נאַכט, הייבט אָן אַ טוי צו פאַלן... (טאַפּט די גראָז און דערלאַנגט פייגינען די האַנט.) זעסטו שוין נאַס די גראָז. ס׳איז אומגעזונט איצטער דאָ אומצוגיין.

נחמה: לאָמיר שוין גיין אין שטוב אַריין.

פייגין: איך וועל שוין פאָרן צו זיך אַ היים. עס לייגט זיך דער נאַסער טוי, ברעכן די ביינער.

עוזר: אין שטוב איז וואַרעמער... כי, כי, מיין טרייע ווייב וועט מאַכן אַ וואַרעמען טרונק... דער אָוונט איז שוין גרעסער.

(פירן אַוועק פייגינען צום שטוב צו.)

נחמה (רופט גייענדיק): סימע, קום אין שטוב אַריין!

פייגין: אָשר, וואו ביסטו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן?

(פֿאַרשווינדן פֿון אויג.)

(סימע און אָשר קומען אָן.)

סימע: (טראָגט אויפֿן קאָפּ זיין הוט): אַז די פֿאַרנאַכטן קומען אָן ווילט זיך מיר אין די פֿעלדער אַריין לויפֿן. ביזן האַלדז מיט דעם טוי זיך נאַס מאַכן.

אָשר: היינט ביי נאַכט, גוט?

סימע: האָ, היינט ביי נאַכט וועט אַ שטאַרקער טוי זיין, זעסט די גראָז איז שוין נאַס. זעסט ווי די הענט זענען נאַס. גיב כ׳וועל זיי אין דיינע האָר טרוקן מאַכן. איידער מיר גייען אין שטוב אַריין, לאָמיר זיך אַביסל אַ יאָג טאָן — גוט?

(לויפֿט. אָשר יאָגט זי נאָך. ער קען זי נישט כאַפּן. זי קומט צו לויפֿן אַ פֿאַרסאָפּעטע און זעצט זיך אַנידער אויף דר׳ערד.)

אָשר (קומט אויך צו לויפֿן און פֿאַלט אַנידער לעבן איר): אוי בין איך פֿאַרמאַטערט!

סימע: לייג צו מיין האַנט צו מיין האַרצן. הערסט ווי ס׳קלאַפּט?...

אָשר: הערסט, ווי מיין האַרץ קלאַפּט?

סימע: זעסט, מיין גאַנצע קלייד איז נאַס געוואָרן פֿון דעם טוי.

אָשר: ביי נאַכט וועלן מיר זיך אויסטאָן באָרוועס.

סימע: גלייך מיטן פֿעלד, הינטער דעם גאָרטן. הו — הו! הערסט ווי עס ענטפֿערט אָפּ... ס׳איז אַ ווידער־קול... הו — הו —

אָשר: וואו זענען זיי?

סימע: ווער?

אָשר: די אַלטע...

סימע: אין שטוב, זעסט ס׳איז שוין ליכטיק אין פֿענצטער, מען האָט אַ לאָמפּ אָנגעצונדן. זיי זענען שוין אין שטוב.

אָשר: לאָמיר נאָך אַ מאָל לויפֿן.

סימע: ווער פֿריער?

**אָשר**: **דו פריער!**

**סימע** (לאָזט זיך לויפן.)

**אָשר** (יאָגט זי נאָך. ס׳הערט זיך נאָך פון ווייטן איר שרייען — הו — הו! און שפּעטער אַן אַלגעמיינער געלעכטער.)

**.1915**

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

חיים-דוד, אַ דאָרפסמאַן.

כאַשע-דאָבע, זיין ווייב.

מאיר-פייוול, זיין אַלטער פאָטער.

בעני-לייב }
ציפע-חנה } זיינע קינדער.

העני-פייגל

אורח.

ביי חיים־דודן. ווינטער. שבת נאָך שלש־סעודות. אַ ווייס, אויסגעקאַלכט שטיבל מיט צוויי פענצטערלעך אין דער וואַנט רעכטס. לינקס, אַ באַק־ און אַ קאַך־אויוון. צווישן די אויוונס אַ טיר אין אַ צווייט קעמערל. אַ ביסל נידריקער אַ טיר אויף דער גאַס. אין שטוב איז שוין טונקלעך. בלויז דורך די פענצטערלעך בלאַנקט דער שניי. די מענער זיצןביים טיש, כאַשע־אַבע און ציפּע־חנה זיצן ביים אויוון.

דער אורח (אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענט זינגט אַ ניגון פון זמירות. אַלע הערן זיך איין.)

כאַשע דאָבע: אין שטאָט זינגט מען זמירות, איז עס אַ חיות צו הערן.

חיים דוד: אין שטאָט זינגט מען זומער מיט אַ זומערדיקן ניגון און ווינטער — מיט אַ ווינטערדיקן ניגון.

מאיר פּייוול: ס'איז געוועגנדט ווי קאַרטאָפל געראָט ביי אונדז אין גאָרטן. וואָס פאַר אַ גערעטעניש אין דאָרף, אַזאַ ניגון אין שטאָט. כי, כי, כאַ...

כאַשע דאָבע: זאָל מיר גאָט נישט שטראָפן פאַר די רייד, אַז כ'קום אין שטאָט אַריין, דאַכט זיך מיר, אַז מענטשן גייען דאָרט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. פוי זאָל עס ווערן!

ציפּע חנה: כי, כי, כי... די מיידן דאָרט גייען נישט ווי מענטשן, נאָר דרייען זיך, ווי מען וואָלט זיי בייטן פון קהל.

בעני לייב: קוקן אויס חתנים.

חיים דוד: שטיק פויער! וואָס פלאַפּלסטו? זיצט אַ פרעמדער מענטש און קען מיינען, ווייסט ווער זייער טאַטע איז.

ציפע חנה: ווארן ס׳איז נישט אן אמת?

מאיר פייוול (לאַכט גוטמוטיק): ס׳איז אַ דור אויפגעשטאַנען. לאַקשן פאַרזוכט עס נאָר ערב יום־כיפור און דאָס אויך נישט קיין לעדערנע לאַקשן, כי, כי... דער רבי איז אַ טייג כאַטש קנעט פון אים פאַרפל, וואַקסט אויס די צונג — נישט געשטויגן און נישט גע־פלויגן.

חיים דוד: ווארן ער איז נישט גערעכט? וואָס זאָגט איר עפּעס, רב ייד, צו היינטיקער וועלט?

אורח (מיט אַ ניגון): צור משלו אָכלנו, נו, נו, נו...

(אַלע שווייגן און הערן דעם אורחס זינגען. ער ענדיקט מיט אַ גרויסן געַנעץ. דער גאַנצער עולם צעגענעצט זיך.)

חיים דוד: אין שטאָט קען מען נאָך כאַפּן אַ מאָל אַ ניגון אויך.

כאַשע דאָבע (גענעצט): ווארן, אַז מען זיצט אין דאָרף פאַרגעסט מען אַפילו אין גאָט, אין זיין הייליק געבאָט.

מאיר פייוול (צו בעני לייבן): האַלט זיך ווי אַ מענטש. וועט דער ייד פאַר דיר עפּעס אַ שידוך אויסזוכן...

בעני לייב: כ׳וועל מיר שוין אַליין אויסזוכן. כ׳פאַר מאָרגן אויף אַ יריד.

חיים דוד: עסט נישט שווייגן?!

בעני לייב: וואָס ווילסטו פון מיר? דער ייד הערט אַפילו נישט וואָס כ׳רעד. זע נאָר אויף אים, ווי שבת וועט ער אַ גאַנצער...

חיים דוד: עסט נישט שווייגן, קענסט ביי מיר כאַפּן פעטש אַפילו אום שבת.

כאַשע דאָבע: אַ חרפה און אַ שאַנד. וואָס ווילסטו פון קינד? ער רעדט דאָך גאָר נישט.

מאיר פייוול: האָסטו דיר אַ דור. אַז מען לאָזט עס לאַנג אומ־בריקעווען. מיך האָט מען געפּענטעט אַז כ׳בין נאָך געווען אַ קיזשיק. און טאַקע מיט דער בייטש געכוואָשטשעט.

ציפע חנה (פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיטן פויסט און לויפט אַרויס אויף דער גאַס.)

חיים דוד (שפּרינגט אויף פון אָרט): איר גליק וואָס זי איז אַרויס־געלאָפן. אַ שיינע טאָכטער אויסגעהאָדעוועט.

**כאַשע דאָבע:** אַזאַ יאָר מיר וואָס פאַר אַ קינד עס איז. כ׳וועל נישט בייטן צען שטאַטישע אויף איר איינער.

**חיים דוד:** שוין באַלד ביז דער סטעליע גרויס.

**כאַשע דאָבע:** האָסטו געזען אַ ביסל, נאָך די מילך אויף די ליפּן. באשר קיין עין־הרע עס וואַקסט... איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס קען זיך נאָך פאַרקילן. (גייט צום פענצטער.) דאַכט מיר שטערן זענען שוין דאָ. מען קען שוין מעריב דאַווגען.

**אורח** (זינגט און פּאַטשט מיט די הענט צום טאַקט. אַלע הערן זיך צו.)

**חיים דוד:** רעכטע קינדער וואָלטן איבערגענומען אַזאַ שיינעם ניגון.

(אויפן באַק־אויוון ווערט אַ געדרודער. הענע פייגל קוויטשעט, שרייט „אַ פסיק!, אַ פסיק!".)

**כאַשע דאָבע:** וואָס איז דאָרט?

**הענע פייגל:** זי לאָזט זיך נישט. אוי, זי גראַבלט זיך!

**חיים דוד:** איך וועל דיר באַלד געבן אַ קאַץ; איך וועל דיר באַלד געבן אַ זיצן אויפן אויוון.

**כאַשע דאָבע:** קריך אַראָפּ, מיין קינד, פון אויוון, וואָרן דער טאַטע גייט נעמען די בייטש.

**חיים דוד:** איך וועל דיר שוין באַלד געבן אַ שפּילן מיט אַ קאַץ.

(ער געפינט די בייטש און הייבט אָן כוואַטשען דאָרט אין דער פינצטער.)

**הענע פייגל** (גוואַלדעוועט אויפן אויוון): מאַמע, מאַמעלע, מאַמעלע...

(אַ קאַץ שפּרינגט אַראָפּ פון אויוון און אַנטלויפט.)

**כאַשע דאָבע:** וואָס ביסטו צוגעשטאַנען צום קינד. זע נאָר, אַ פרעמדער מענטש איז פאַראַנען, איז ער גאָר משוגע געוואָרן. ווייל זיך איבערנעמען פאַר אַ פרעמדן יידן מיט זיין פרומקייט.

**חיים דוד** (שלעפּט אַראָפּ הענע פייגלען פון אויוון): אַ מויד אַ ביסל! פופצן יאָר איז עס אַלט און ס׳איז שוין גרעסער פון דער מאַמען.

(ער וויל איר נאָך אַ מאָל דערלאַנגען מיט דער בייטש.)

העני פייגל (כאַפּט זיך אַרויף דער מוטער אויפן האַנט): **מאַמע, מאַמעלע, לאָז אים נישט...**

כאַשע דאָבע: **זאָלסט זיך נישט דערוועגן זי אָנצורירן — הערסט?**

מאיר פייוול: **כי, כי, כי, פיין אונטערגעשמיסן. האָסט דאָך כאַטש געקענט וואַרטן ביז נאָך הבדלה...**

חיים דוד: **איך קען נאָך הבדלה פאַרבעסערן.**

אורח (גייט אַרויס אויף דער גאַס.)

כאַשע דאָבע: **עפּעס אַ מאָדנער ייד. אַ שווייגנדיקער. וואָס ווילסטו זיך אַזוי אויספּיינען פאַר אים?**

חיים דוד: **ווי דען? דאָס הייסט אַ ייד. שבת באַדאַרף מען קיין מיאוס וואָרט נישט רעדן, פּלאַפּלען נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. וואָלטן מיינע קינדער געווען עפּעס רעכטס, וואָלט ער געפונען וואָס צו רעדן מיט דעם. כ'האָב אַ זון אַ בורילע.**

בעני לייב: **טאַ פאַר וואָס רעדסטו מיט אים נישט?**

חיים דוד: **וואָס זאָגסטו?!**

כאַשע דאָבע: **וואָס ווילסטו, דער זון זאָל טאַקע זיין ליטישער פון טאַטן און פון זיידן. אַ מענטש זאָל זיך שטענדיק טשעפּען צו קינדער. דער אָרעמאַן שווייגט, ווייל ער האָט נישט פון וואָס צו רעדן. קיין עין־הרע אַ פיינער קייער. אַז מען איז זאַט, שווייגט מען.**

חיים דוד: **אָט, ווער ס'פּירט זיי פון וועג אַראָפּ. די מאַמע אַליין איז נישט בעסער.**

בעני לייב: **נו גוט, טאַטע, גיב מיר אַ כלה כאָטש מאָרגן.**

כאַשע דאָבע: **און ציפּע חנהן קענסטו אויך כאָטש מאָרגן אונטער דער חופּה פירן. קריג נאָר אַ שיינעם נדן פון אירעט וועגן, וועט זיך נאָך אַ שטאָטישער בחור אויף איר קוואַפּען.**

מאיר פייוול: **וועסטו, חיים דוד, נאָך הבדלה איבערשמועסן מיטן יידן. אפשר האָט ער טאַקע עפּעס אַ בחור פאַרן מיידל.**

חיים דוד (קוקט אין פענצטער): **ער גייט אום הין און צוריק די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. ס'איז אים גאָר נישט קאַלט. שוין לאַנג אַזאַ יידן נישט געזען.**

בעני לייב: **מזל־טוב!**

חיים דוד: גראָבער יונג. האָסט כאָטש געהערט זיינע זמירות?
(עס הערט זיך דרויסן אַ קו מהוקען.) אָט האָסטו דיר!

כאַשע דאָבע: איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו דרייסט זיך אַרום. מען דאַוונט אָפּ מעריב, וועט מען די קו אויסמעלקן. כוועדאָרע איז היינט אין דער פרי נישט געקומען מעלקן.

מאיר פייוול: אַז מען מעלקט אַ מאָל איבער אַ מאָל ווערט ס׳מליך פאַרפאַלן.

חיים דוד (דאַוונט מעריב ברומענדיק.)

כאַשע דאָבע (הייבט אָן מיט אַ ניגון הויך): גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, באַהיט און באַשירעם דיין כשר פאָלק ישׂראל אין זיינעם נויט. טוסט דאָך שפּייזן אויפן וואָנט די שוואַכע פליג, אַזוי זאָלסטו מיר נישט פאַרלאָזן. און אַזוי ווי דעם אַקער מאַכט מען דאָך פון אייזן, אַזוי זאָלסטו מיר מיט מיין מאַן און מיינע קינדערלעך שפּייזן...

(אויף דער גאַס הערט זיך ווידער די קו שרייען. אַלע ווערן אויף אַ ווײַלע שטיל.)

ציפּע חנה (קומט אַריין): דער אורח דאַוונט מעריב אויף דער גאַס. דער בהמה האָט ס׳מילך אָנגעשפּאַרט. אין דער פרי נישט געמאָלקן. (צינדט אָן אַ ליכט און שרייט.) גוט וואָך!

כאַשע דאָבע: גוט וואָך, גוט יאָר! געזען אַ מאָל ווי ס׳האָט זיך איינגעקנורעט. גיי, כ׳האָב דיר נישט קיין כּוח צו האַלטן אויפן האַנט.

העני פייגל: ס׳איז מיר אַזוי קאַלט.

חיים דוד (שטייט אויס שמונה עשׂרה): צום ערשטן מאָל זע איך אַזאַ יידן. עפּעס געפעלט ער מיר נישט. אַ מענטש זאָל קיין וואָרט נישט רעדן. קוקט אויף דער לבנה...

העני פייגל: אַז איך האָב אים געזאָגט „גוט שבת" האָט ער מיר געזאָגט „גוט יאָר".

כאַשע דאָבע: ער האָט קיין עין־הרע פיין געגעסן, נאָך אויסגעווישט מיט חלה דעם טעלער.

חיים דוד: שוייג שוין בעסער.

אורח (קומט אַריין): גוט וואָך, גוט וואָך!...

(אַלע ענטפערן אים „גוט יאָר“ און באַטראַכטן אים ווי זיי וואָלטן אים צום ערשטן מאָל געזען.)

העני פייגל (קריכט אַראָפּ פון דער מאַמעס האַנט.)

אורח: אַ מיידל טאָר זיך נישט שפּילן מיט אַ קאַץ.

(אַלע הערן זיך צו ווי ער רעדט.)

חיים דוד: אַט אַזוי ווי איר זעט, האָט עס נישט וואָס צו טאָן. ברענג אַריין מילך, וועט מען מאַכן הבדלה.

אורח: עס איז קיין בייז נישט אויף מילך צו מאַכן הבדלה, נאָר ביי מיר איז נאָך דאָ אין זעקל אַ ביסל וויין. וועט סטייען אויף הבדלה. וואו איז ער, מיין זעקל?

כאַשע דאָבע: גיי, ציפּע חנה, ברענג אַריין דעם יידנס זעקל.

העני פייגל (שלעפּט אַריין פון קעמערל דעם יידנס אַ זאַק.)

אורח (זוכט אין זאַק. ער באַקומט דאָרט אַ פלעשל מיט וויין): אויף דעם קען מען „בורא פּרי הגפן“ מאַכן...

מאיר פייוול: כי, כי, כאַ... אין וועג איז גוט אַ גלעזעלע וויין. הבדלה איז רעכט איבער מילך אויך... (ער שמעקט פון פלעשל.) שוין אַ ביסעלע זויערלעך.

אורח: מאַכט הבדלה, מאַכט הבדלה. כ׳וויל נאָך היינט פון דאַנען זיך אַרויסקלייבן.

(ער גייט אַריין אין קעמערל.)

כאַשע דאָבע: זע נאָר, ווי רעדעוודיק ער איז געוואָרן מיט אַ מאָל.

ציפּע חנה: אַלע פרומע יידן שווייגן שבת?

העני פייגל: כ׳וועל אַ קוק טאָן וואָס ער האָט אין זאַק.

חיים דוד: דו קריגסט באַלד איבער די הענט!

בעני לייב: אַן עסק צו שלעפּן זיך מיט אַזאַ פּאַק אויף די פּלייצעס.

מאיר פייוול: הייסט אים, זאָל ער דאָ איבערנעכטיקן אויב ער וויל.

ציפּע חנה: אַז ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן, איז ער גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. איך האָב שוין פאַר אים מורא געהאַט.

**כאַשע דאָבע:** אַ פרומער ייד. מיין זיידע זאָל זיין אין גן־עדן האָט אויך שבת געשוויגן.

**אורח** (קומט אַרויס): **כאַ־כאַ, כ'האָב מיין טאַבאַק־פּושקעלע נישט געקענט געפינען. אַז איך שמעק פריער נישט קיין טאַבאַק, הער איך נישט דעם ריח פון בשׂמים.**

**כאַשע דאָבע:** **ביי אונדז איז גאָר קיין בשׂמים נישטאָ פאַר הבדלה.**

**אורח** (באַקומט פון זאַק אַ הדס און אַ דיקע געפלאָכטענע הבדלה. ער דערלאַנגט העני פייגלען): **צינד עס נאָר אָן, טאָכטער, וועט דער טאַטע מאַכן הבדלה.**

**ציפּע חנה:** **האַלט די הבדלה איבערן קאָפּ, ווערסטו האָבן אַזאַ הויכן חתן!**

**בעני לייב** (פאַרגנבעט זיך און פּרואווט מיטן פוס אַ ריר טאָן דעם זאַק.)

**אורח:** **נו, רב חיים דוד, מאַכט הבדלה.**

**חיים דוד:** **אפשר וועט דער אורח מאַכן הבדלה.**

**מאיר פייוול:** **אַנו טאַקע, איבער דעם אייגענעם וויין.**

**אורח:** **דער בעל הבית באַדאַרף הבדלה מאַכן.**

**מאיר פייוול:** **לאָמיר גאָר אין אַ נאָווינע הבדלה מאַכן.**

(ער מאַכט הבדלה איבער דעם וויין. העני פייגל האַלט הויך איבערן קאָפּ די הבדלה.)

**חיים דוד** (שמעקט פון הדס פאַרגאַפּט. דער הדס גייט איבער פון האַנט צו האַנט. דער אַלטער גיט יעדן צו פאַרזוכן פון הבדלה־וויין. דער עולם לעקט די ליפּן און פּרואווט דעם טעם פון וויין.)

**אורח:** **און איצטער וועל איך מיר קלייבן אין וועג.**

**חיים דוד:** **איר וועט וואַרטן ביז מאָרגן, פאַר איך אין אַ דאָרף אַריין, וועל איך אייך אונטערפירן.**

**אורח:** **קיין בייז, קיין בייז. אַז מען גייט צופוס, קומט מען גיכער.**

**כאַשע דאָבע:** **איך וועל אָנלייגן אַ פייער און אָפּקאָכן עפּעס אַ זופּ צו טאָן.**

אורח: קיין עין־הרע זאָט. אַזאַ שבת שוין לאַנג נישט געהאַט. כ׳בין מיטן מאָגן ביז מאָרגן פאַרזאָרגט.

ציפּע חנה: איך וועל אויסמעלקן די בהמה, וועט דער ייד אַ גלאָז מילך טרינקען.

אורח: ווער דאַרף עס נאָך מילך איצטער? ס׳וועט מיר שוין גענוג זיין.

בעני לייב: איך וועל גיין איינשפּאַנען דעם פערד און דעם יידן אונטערפירן.

אורח: כאַ, כאַ, אויפן דאָרף זיינען נאָך יידן פאַראַנען, כשרע ערלעכע קינדער פאַראַנען...

(ער זוכט אין פּעקל.)

כאַשע דאָבע: איר וועט מוחל זיין די הבדלה מיט דעם וויין אַריינלייגן.

(זי פאַרפּאַקט ס׳פלעשל און דערלאַנגט דעם אורח.)

אורח: ס׳פלעשל איז שוין ליידיק, טאַ צו וואָס זאָל איך נאָך עס טראָגן. די הבדלה לאָזט פאַר זיך. אין שטאָט קריג איך עס ביים שמש אין שול. זעט איר, ס׳הדסל וועל איך מיר נעמען... אַ שיינעם שבת געהאַט...

חיים דוד: האָט איר אפשר עפּעס אַ שידוך פאַר מיין זון?

בעני לייב: איך האָב נאָך צייט, כ׳קען מיין אָרט פאַר ציפּע חנהן לאָזן.

ציפּע חנה: כ׳האָב נאָך צייט. כ׳בין נאָך אין גאַנצן זיבעצן יאָר אַלט.

כאַשע דאָבע: זאָל נאָר דער ייד עפּעס רעכטס געפינען, וואָלט שוין צייט געווען.

מאיר פייוול: כי, כי, כאַ, גרייט נאָר אַ נדן אָן פאַר איר.

אורח (גריבלט זיך אין פּעקל): ס׳וועט שוין נדן אויך זיין. ווען מזל איז פאַראַן, ווען דער וואָס אין הימל וואַרפט נאָר אָן אויג איז שוין מזל אויך פאַראַן.

חיים דוד: גיי, בעני לייב, שפּאַן איין ס׳פערד און לייג אין קעלנע אַריין גענוג היי, זאָל דעם יידן זיין ווייך צו זיצן.

בעני לייב (גייט אַרויס.)

חיים דוד: אַ לייטישער בחור. אַ ביסל דאָרפיש. קיין דרך־ארץ נישט געהאַט פאַרן מלמד.

כאַשע דאָבע: זאָל מיר גאָט נישט שטראָפן פאַר די רייד — געווען אַ נאַר אַ גרויסער דער מלמד.

העני פייגל: ער האָט אַ מאָל געוואָלט איינשפּאַנען דעם פערד, האָט ער אים אריינגעפירט מיטן קאָפּ אין וואָגן.

(לאַכט.)

ציפּע חנה: אַז ער האָט מיט מיר געלערנט, האָט ער געהאַלטן אָפן די טיר, טאָמער וועל איך אים עפּעס אָפּטאָן, האָט ער מורא געהאַט.

(לאַכט.)

אורח: מען טאָר נישט אַזוי.

חיים דוד: לאַך נישט אַזוי; האָסט געזען ווי ס׳האָט זיך צעלאַכט!

אורח: פון אַ מענטשן חוזק מאַכן איז נישט רעכט... (פאַרנעמט דעם פעקל.) נו, האָט אייך אַ גוטע וואָך. דער רבונו של עולם וועט אייך ממלא זיין און איר וועט אייערע קינדער מגדל זיין לחופּה ולמעשׂים טובים. אַ ייד באַדאַרף נאָר צופרידן זיין מיט דעם וואָס ער האָט.

בעני לייב (קומט אַריין): עס קנאַקט דער פראָסט. לאָמיר נאָר אַ פּעלצל אָנטאָן... איר, רב ייד, וועט כאַפּן אַ פריר.

אורח: איך וועל מיר גיין צופוס. אַזאַ מנהג איז ביי מיר. שבת צו־נאַכטס גיי איך צו פוס.

מאיר פייוול: וואָלט בעסער דער אורח געבליבן; אַ הייסן קאַרטאָפל מיט אַ ציבעלע... כי, כי, כאַ...

אורח (געזעגנט זיך): אַזוי איז מיין שטייגער; זונטיק באַדאַרף איך שוין אין אַן אַנדער שטאָט זיין. מיט דער נייער וואָך אַ נייע שטאָט און נייע יידן...

כאַשע דאָבע: טאָ נעמט כאָטש מיט עפּעס אויפן וועג.

(זי פּאַקט אים אַריין אַ גרויסע געפלאָכטענע חלה אין זאַק.)

אורח: כאַ־כאַ־כאַ; וואָס וועלן אַנדערע יידן טאָן? אַזוי קנאַפּ

אורחים פֿאַראַן. קען דאָך איין אורח אַזוי פיל גוטס נישט פֿאַרנעמען.

בעני לייב (נעמט זיין פעקל): אויב איר ווילט נישט פֿאָרן, טאָ וועל איך ביז אויפֿן רעכטן וועג אַרויספֿירן. היינטערן דאָרף זענען צוויי וועגן פֿאַראַן.

ציפּע חנה: דאָרט קען מען זייער גרינג פֿאַרבלאָנדזשען.

אורח: וואָס הייסט פֿאַר אַן אָרעמאַן בלאָנדזשען? ער בלאָנדזשעט, בלאָנדזשעט און געפֿינט אַ יידן. אָט האָב איך דאָך אַהער אויך פֿאַר־בלאָנדזשעט.

(ער לאַכט גוטמוטיק. ער מונטערט אויף דעם גאַנצן עולם מיט זיין רעדן און פֿריילעכקייט.)

כאַשע דאָבע (צו חיים דודן): ווי מען קען עס אַ מענטשן נישט דערקענען מיט איין מאָל.

העני פייגל: נעם מיך אויך מיט, בעני לייב.

בעני לייב: ס'איז קאַלט, בלייב אין שטוב.

אורח: ס'קאַלט, קינד; ס'איז ווינטער אויף דער גאַס. בלייב אין שטוב און שפּיל זיך נישט מער מיט קיין קאַץ; וואָרן אַ קאַץ גראַבלט איין מאָל, בלייבט אַ צייכן אויף צוויי מאָל. אַ גוטע וואָך.

(ער גייט אַרויס. בעני טראָגט אים נאָך דעם פעקל. חיים דוד און מאיר פּיוול באַגלייטן אים אַרויס.)

כאַשע דאָבע: איך וועל גיין אויסמעלקן די קו. צינד מיר נאָר, העני פייגעלע, די לאַמטערנע אָן.

העני פייגל (נעמט אַראָפּ פון וואַנט אַ לאַמטערנע מיט היילצערנע רעמלעך און צינדט דאָרט אָן אַ ליכט.)

כאַשע דאָבע: ווי מען קען עס גאָר נישט אַ מענטשן. רעדט אַזעלכע קלוגע רייד.

ציפּע חנה: און דעם גאַנצן שבת האָט ער געשוויגן און גע־געסן.

כאַשע דאָבע: איך האָב אים פֿערגונען מיטן גאַנצן האַרצן. וואָרן וואָס האָב איך דען צו זשאַלעווען אַ מענטשן ברויט?

ציפּע חנה: ווייסט פֿאַר וואָס כ'האָב זיך פֿריער אַזוי צעלאַכט?

כאַשע דאָבע: ווייל ביסט אַ נאַר. גוט וואָס ער האָט זיך נישט

**געמאַכט וויסנדיק. ווי לאַכט מען עס פון אַ פרעמדן מענטשן?! קום וועסטו מיר צולייכטן.**

(גייעןביידע אַרויס.)

**העני פייגל** (בלייבט אַליין אין שטוב. זי קוקט אין פענצטער. עס זעט זיך ווי מען גייט פאַרביי מיט דער לאַמטערנע. אַ פערד הירזשעט. זי גייט צום טיש און באַטראַכט די ליידיקע פלעשל פון וויין, קוקט אַנטקעגן ליכט. פּרוּווט אויסנייגן די פלאַש איבערן גלעזל אפשר וועט זיך נאָך פון דאָרטן וויין באַקומען. פּאַמעלעך גיסט זיך דער וויין פון פלעשל ביז די גלעזל ווערט פול. מיט ברייט־געעפנטע אויגן פאַרוואונדער קוקט זי אַ מאָל אויפן ליידיק פלעשל און אַ מאָל אויף דעם גלעזל. גאַנץ פאַרזיכטיק פאַרזוכט זי פון וויין און ס׳פּנים אירס לייכט אויף פאַר תענוג. זי טרינקט אויס די גלעזל וויין און נעמט זיך ווידער פאַרן פלאַש. זי נייגט איבערן גלעזל די ליידיקע פלאַש און באַלד איז דאָס גלעזל ווידער פול. טרינקט ווידער אויס. זי לויפט צום פענצטער און קוקט אויף דער גאַס. קיינעם ניט זעענדיק קומט זי ווידער צום טיש און גיסט דעם וויין פון פלאַש און טרינקט אָן אויפהער. דער וויין צעגעמט זי און זי הייבט אָן פריילעך טאַנצן ווי אַ ציג איבערן שטוב. ס׳דערהערט זיך טריט. זי קריכט אַרויף מיט גרויס מי אויף דעם באַק־אויוון, באַהאַלט זיך דאָרט.)

**מאיר פייוול** (קומט אַריין. ס׳איז אים קאַלט. ער קלאַפּט די הענט אַ ביסל זיך צו דערוואַרעמען. ער גייט צום טיש און באַטראַכט די פלאַש פון וויין. גיסט זיך אָן אַ גלעזל וויין און טרינקט אויס. לאַבט זיך. פּרוּווט אָנגיסן נאָך אַ גלעזל.)

**חיים דוד** (קומט אַריין): **צו פוס איז ער נאָכגעגאַנגען דעם שליטן, האָט זיך נישט געוואָלט אויפזעצן. וואָס איז דאָס? ס׳פלעשל איז דאָך ליידיק געווען.**

**מאיר פייוול** (דערלאַנגט דעם זון אַ גלעזל וויין): **מעגסט אים פאַרזוכן. אין פלעשל איז אליהו הנביא אַריינגעקראָכן.**

**חיים דוד** (טרינקט): **וואָס הייסט? פיינער וויין. ס׳האָט דאָך אויסגעזען, אַז די פלעשל איז ליידיק.**

(ער גיסט אָן נאָך אַ גלעזל. באַטראַכט די פלאַש און בלייבט פאַרוואונדערט. דאָך טרינקט ער אויס און נעמט גיסן ווידער פון פלאַש אין גלעזל אַריין.)

**ציפּע חנה** (קומט אַריין. טראָגט איןביידע הענט פּאַרזיכטיק אַ פולן שעפּל. אַזש מיט אַ שוים איז די מילך פון אויבן): **נעם עס, טאַטע, צו פון מיר. די בהמה האָט שוין לאַנג אַזוי פיל מילך נישט געגעבן. די מאַמע האָט שוין באַלד נאָך אַ שעפל מילך אָנגעמאָלקן. אָט דער טאָפּ וועט שוין גענוג זיין.**

(זי נעמט אַרויס פון אַלמער אַ גרויסן טאָפּ און גייט מיט אים אַרויס.)

**חיים דוד** (שיסט אויס מיט אַ געלעכטער): **וואָס איז דאָס, טאַטע? כאַ, כאַ, כאַ, ס'ווערט אין פלעשל גאָר נישט ווינציקער. כאַ, כאַ, כאַ, די פיס הייבן זיך מיר אַליין. פּשש, ס'אַראַ וויין!**

(ער טרינקט און ווערט אַלץ פריילעכער.)

**כאַשע דאָבע** (קומט אַריין. טראָגט אַ פולן טאָפּ מילך): **מאַמע־לעך מיינע. איך קען דאָך אונדזער קו נישט אויסמעלקן היינט. שוין דער דריטער טאָפּ פול און ס'איז נאָך קיין אָנהייב נישט!**

**חיים דוד** (טראָגט איר צו אַ גלעזל וויין): **נאַ, פאַרזוך, מאַך אַ ברכה בורא פּרי הגפן. ס'איז אמתער וויין.**

(זי האַלט מיט ביידע הענט דעם טאָפּ מילך און טרינקט פון זיין האַנט דעם וויין.)

**מאיר פייוול: מחיה נפשות... וואָס זאָל עס באַטייטן?**

**כאַשע דאָבע: וואָס זשע שטיי איך מיט די מילך אין האַנט?**

(שטעלט דעם טאָפּ מילך אַוועק אויף דער ערד און זוכט אויס נאָך צוויי ליידיקע טעפּלעך און גייט אַרויס.)

**ציפּע חנה** (קומט אַריין, טראָגט אַ טאָפּ מילך): **אוי, כ'האָב שוין קיין כּוח נישט. די הענט טוען מיר שוין וויי. וואו זענען נאָך כּלים?**

**מאיר פייוול: קום, טאָכטער, פאַרזוך פון דעם וויין. נאַ, געפין דיר אַ גלעזל אויס. מען טאָר די פלעשל נישט איינלאָזן...**

(ער גיסט איר אָן וויין.)

**ציפּע חנה** (טרינקט אויס אַ גלעזל וויין): **ווי עס שמעקט. דער אייגענער ריח ווי פון די בשמים...**

**מאיר פייוול: ס'איז דאָך אליהו הנביא געווען... כי, כי, כאַ...**

**חיים דוד** (פּלוצלונג): **וואו איז ער? מען טאָר אים נישט אָפּ־לאָזן... אוי־וואַ, אוי־וואַ...**

**כאַשע דאָבע** (קומט אַריין און שלעפּט אַ גרויסן טאָפּ מילך): **אוי, כ׳האָב שוין קיין כוח נישט... וואָס איז דאָ? מאַמעלעך! אליהו הנביא...**

**חיים דוד: אליהו הנביא דאָ געווען! אוי וואַ... נישט געטאָרט אים אַזוי אַרויסלאָזן... יאָ, וואָס טוט מען מיט אַזוי פיל מילך?**

**מאיר פייוול: לאָז מען בעסער דעם ווייַן אויסצאַפּן... ברענג אַריין ס׳פּעסעלע פון הויז, ס׳פּעסעלע פון וואַסער, וועט מען דעם ווייַן אַריינצאַפּן.**

(ברענגט אַריין אַ פּעסל פון הינטערן טיר. מען שטעלט עס אַוועק לעבן טיש. דער אַלטער שפּאַרט אָן די פּלאַש אויפן טיש און דער ווייַן גיסט זיך אָן אויפהער... אַלע שטייען אַרום דעם און קוקן פאַרגאַפּט...

**בעני לייב** (קומט אַריין. טראָגט דעם אָרעמאַנס פּאַק אויף די פּלייצעס. אַלע לויפן אים אַנטקעגן.)

**כאַשע דאָבע: וואו איז דער ייד, מיין קינד? ס׳איז דאָך אליהו הנביא געווען!**

(זי הייבט אָן וויינען אויפן הויכן קול.)

**בעני לייב: וואָס, ער איז דען נישטאָ? כ׳האָב געמיינט אַז ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים.**

**כאַשע דאָבע** (וויינענדיק): **וואו איז ער?**

**בעני לייב** (מיטן פּעקל אויפן פּלייצע): **איך בין געפּאָרן פאַראויס און ער איז מיר הינטן נאָכגעגאַנגען. איך קוק מיר אַרום — ער איז נישטאָ. געמיינט ער איז דאָ געבליבן...**

**ציפּע חנה: ס׳איז דאָך אליהו הנביא געווען... זע ווי דער ווייַן גיסט זיך פון פלאַש!**

**כאַשע דאָבע: זע, מיר קענען דאָך די קו ניט אויסמעלקן; זע וויפל מילך מיר האָבן שוין אָנגעמאָלקן...**

(חיים דוד און מאיר פייוול קוקן צום ווייַן.)

**בעני לייב: אוי, אוי, אוי... דער פּעקל ווערט מיר אַלץ שווערער! רייסט די פּלייצע אָפּ.**

(דער פּעקל פאַלט אים ווי אַ שווערע משא אַראָפּ פון פּלייצע. אַלע

לאָז זיך צו אים, זען וואָס אינווייניק איז, ציפּע חנה שטעקט אַריין די האַנט און כאַפּט אַרויס צוריק מיט שרעק.)

**חיים דוד: לאָז מיר. וואָס איז דאָרט אַזעלכעס?**

(ער שטעקט אַריין די האַנט אין זאַק און נעמט אַרויס אַן הויפן רענדלעך. ס׳ווערט אַ געטומל. אַלע שטעקן די הענט אין זאַק און באַקומען פון דאָרט ליכטיקע רענדלעך.)

**כאַשע דאָבע** (וויינט נאַריש): **אוי, ווי איז מיר, רענדלעך!**

**חיים דוד: שטיק פערד! כלים דערלאַנגט. כּל־זמן עס לאָזט זיך, באַדאַרף מען נעמען.**

**כאַשע דאָבע** (דערלאַנגט טעלער, שיסלען, גלעזער, טעפּלעך. די כלים ווערן פול מיט רענדלעך. זי זוכט אויס וואו נאָך עפּעס אַ כּלי און דערלאַנגט. און פון זעקל נעמט זיך אַלץ ניט אויס. אַלע כּלים זענען שוין פול.)

**כאַשע דאָבע: אוי, ווי איז מיר, מער קיין כלים שוין נישטאָ.**

**חיים דוד** (שרייט): **גיס אויס די מילך! ווער באַדאַרף איצטער מילך האָבן? אַזוי פיל טעפּ מיט מילך פאַרנומען — גיסט אויס!**

**ציפּע חנה** (טראָגט אַרויס איין טאָפּ מילך נאָך דעם אַנדערן און ברענגט אים צוריק אַ ליידיקן. ער ווערט באַלד מיט רענדלעך אָנגעפּילט. ביז דאָס גאַנצע מילך ווערט אויסגעגאָסן. ווי פאַרכישופט אַרבעט דער עולם.)

**בעני לייב: וואָס וועט איצטער זיין? שוין ווידער קיין כּלים נישטאָ.**

**חיים דוד: גיסט דעם ווין אַרויס! ליידיקט אויס די פאַס. איך באַדאַרף קיין ווין נישט. אַ פאַס איצטער פאַרנעמען מיט ווין — גיסט אויס!**

**מאיר פייוול: גיסט דעם ווין נישט אויס. גיסט נישט אויס אינגאַנצן. אַזאַ ווין קריגט מען נישט אַזוי גיך; אַזאַ ווין קריגט מען נישט פאַר געלד. איך הייס ס׳פעסל נישט רירן. ווין איז ווין. פון אים הבדלה געמאַכט.**

**חיים דוד: איך באַדאַרף קיין ווין נישט! קום, בעני, העלף מיר אַרויסקאַטשען ס׳פעסל אויף דרויסן.**

**כאַשע דאָבע:** פאָלג מיר, חיים דוד, טשעפּע נישט דעם וויין. ס'איז דאָך גאָטס מתּנה.

**חיים דוד** (מאַטערט זיך אַרויסצובראַנגען אויף דער גאַס די פּאַס. בעני לייב העלפט אים. אין אַ ווײַלע אַרום קומען זיי אַרײַן מיט דער ליידיקער פּאַס און נעמען זיך צום זעקל, אָבער דער זעקל ווערט מיט אַמאָל ליידיק. די לעצטע רענדלעך פאַלן פון אים אַרויס, ווי נאָר מען קערט דעם זעקל אויס. דער עולם אַנטוישט. אַן אַלגעמיינער אויס־געשריי: „נישטאָ מער"...)

**כאַשע דאָבע:** געזאָגט, מען זאָל דעם וויין נישט אויסגיסן. אפשר האָט מען אים גאָר באַדאַרפט היטן. אוי, ווי, פאַרזינדיקט.

**מאיר פייוול:** ס'איז אויף קידוש און אויף הבדלה דער וויין געווען. באַדאַרפט אים שאַנעווען.

**חיים דוד** (נעמט דאָס פלעשל און באַטראַכט עס): **עס וועט זיך נאָך גיסן. ס'איז דאָרט נאָך פאַראַן.**

(ער בייגט אויס די פלעשל. עס טריפט נאָך אַ פּאָר טראָפּנס פון איר און הערט אויף.)

**בעני לייב:** **קיין וויין אויך מער נישטאָ! איך וועל זיך זעצן רייטנדיק און איך וועל אים נאָכיאָגן.**

**חיים דוד:** **אַז מען האָט קינדער העלצער! האָט איר נישט גע־קענט נאָך כּלים אַרײַנברענגען?... עס שטייען דאָך נאָך אויף דער גאַס אפשר צען טעפּלעך ליימענע...** (ער פאַרמעסט זיך צו ציפּע חנהן.) **ווער האָט דיר געבעטן דו זאָלסט גיין מעלקן דער קו און די כּלים פאַרנעמען?!**

**מאיר פייוול:** **שריי נישט; בייזער זיך נישט. זיי צופרידן מיט דעם, וואָס דו האָסט. וועסט די קינדער קענען אויסגעבן צו לייטן. וועסט אין שטאָט אַרײַן קענען אַרויסציען. דעם וויין האָט מען נישט באַדאַרפט אויסגיסן... ס'איז געווען פאַר קידוש וועגן.**

**בעני לייב:** **קום, טאַטע, מיר וועלן זיך אויפזעצן רייטנדיק. מיר וועלן אים דעריאָגן.**

**חיים דוד** (דערלאַנגט אים אַ פּאַטש): **ביסט קראַנק געווען דעם עמער אַרײַנברענגען?! ער הענגט אויפן ברונעם. אַ גאַנצער עמער רענדלעך האָט דאָך נאָך געקענט זיין.**

בעני לייב: וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס בין איך שולדיק? ווען איך וואָלט דעם זעקל נישט געבראַכט, וואָלט דאָך גאָר נישט געווען.

חיים דוד (וויטנד): איך וועל אייך אַלעמען די ביינער צעברעכן. האַרעווען אויף אייך — איך קען שוין מער נישט!

מאיר פייוול: וואָס איז מיט דיר, מיין זון? איך דערקען דאָך דיר נישט. בעסער זע וואָס דו טוסט. קענסט נאָך חלילה דאָס אויך אָנווערן.

כאַשע דאָבע (פּלוצלונג): וואו איז דאָס קינד? וואו איז העני פייגל?! ווי איז מיר, וואו איז דאָס קינד?

(אַלע קוקן זיך אַרום צעשראָקן.)

בעני לייב: איך ווייס נישט פאַר וואָס און פאַר ווען עס קומט מיר צו שלאָגן...

מאיר פייוול: זי איז דאָך נאַר־וואָס געווען.

ציפּע חנה: זעט, זי איז דאָך אויפן אויוון... שטיי אויף, פייגעלע... קום אַראָפּ פון אויוון. זע, וואָס מיר האָבן.

חיים דוד: איידער אַזעלכע קינדער, איז שוין בעסער גאָר־נישט.

ציפּע חנה: קריך אַראָפּ פון אויוון; וועסטו זען וויפל רענדלעך מיר האָבן...

כאַשע דאָבע: זע נאָר, פּונקט ווי אַ שטיין וואָלט זי איינגע־שלאָפן. קום אַראָפּ, קינד מיינס, קום אַראָפּ...

מאיר פייוול (צו חיים דודן): דו, קינד מיינס, זינדיקסט; אַ מענטש באַדאַרף זיין צופרידן.

חיים דוד: און איך בין נישט צופרידן. איך האָב קינדער העלצער און בין נישט צופרידן. איך וועל זיי פון שטוב אַרויסיאָגן!

כאַשע דאָבע (וועקט העני פייגלען): קינד מיינס, קום אַראָפּ פון אויוון...

חיים דוד: העלפט מיר עס אַריינשיטן צוריק אין זעקל אַריין. אימעצער קען נאָך אַריינקומען... גיי אַרויס, בעני לייב, און זע, אויב אימעצער גייט נישט אַהער, און איר העלפט מיר עס צוריק אין זעקל אַריינשיטן.

(מיט ציטערנדע הענט הייבט ער אָן צו שיטן פון די פאַרשיידענע כלים די רענדלעך צוריק אין זאַק אַריין.)

**כאַשע דאָבע** (וועקט העני פייגלען אויפן אויוון): **וואָס איז מיט דעם קינד היינט?**

**בעני לייב** (גייט אַרויס אויף דער גאַס.)

**חיים דוד: קומט בעסער אַהער! גאָלד וואַלגערט זיך אויף דער ערד. אימעצער קען אַריינקומען, זענען מיר פאַרפאַלענע.**

(כאַשע דאָבע און ציפּע חנה נעמען אַראָפּ פון אויוון העני פייג־לען.)

**מאיר פייוול** (לייגט די רענדלעך אין זאַק אַריין און זינגט): **אליהו הנביא, אליהו התשבי... אליהו הגלעדי... כי, כי, כאַ...**

**בעני לייב** (קומט אַריין): **דאַכט זיך, אימעצער גייט אַהער!**

**חיים דוד: פאַרשפּאַרט די טיר און לעשט אויס די ליכט!**

(ער שפּרינגט אויף פון אָרט און לעשט אויס די ליכט.)

**מאיר פייוול: ווער גייט, האַ?**

**ציפּע חנה: איך הער ווי עס סקריפּעט דער שניי... אימעצער גייט אַהער...**

**חיים דוד: שאַ, שווייגט... פאַרשפּאַרט די טיר...**

**כאַשע דאָבע** (וועקט העני פייגלען): **שטיי אויף, קינד מיינס... שטיי אויף, קינד מיינס...**

**חיים דוד: איר וועט שווייגן צי ניין!... וואָרן איך...**

**מאיר פייוול: ששש...**

(אַלע שווייגן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם)

**בעני לייב: איך הער קיינעם נישט.**

**ציפּע חנה: איך הער אויך קיינעם נישט. קום, בעני, לאָמיר אַרויסגיין אויף דער גאַס.**

**כאַשע דאָבע: זיצט אין שטוב. מען טאָר איצטער נישט אַרויסגיין... שטיי אויף, העני פייגל... שטיי אויף, קינד מיינס...**

**חיים דוד: קיינער גייט נישט? איר הערט נישט?**

**בעני לייב: ס'האָט זיך מיר אפשר נאָר אויסגעדאַכט.**

כאַשע דאָבע: גאָט מיין גאָט, וואָס איז מיט איר? שטיי אויף!...

ציפּע חנה: לאָז, איך וועל איר געבן אַ קניפּ.

העני פייגל (לאַכט זיך פאַנאַנדער אויפן הויכן קול.)

חיים דוד: פאַרשטאָפּט איר ס׳מויל, זאָל זי נישט לאַכן אַזוי הויך.

כאַשע דאָבע: שמע ישׂראל! וואָס איז מיט דיר, מיין קינד?

ציפּע חנה: כ׳וועל איר געבן נאָך אַ קניפּ, וועט זי שוין באַלד אָנהייבן צו וויינען...

העני פייגל (לאַכט אויפן הויכן קול.)

כאַשע דאָבע: צינדט אָן ליכט, וואָרעם כ׳האָב מורא צו זיצן אין דער פינצטער.

חיים דוד: שטילער זאָל זיין. איך וועל זי באַלד דערשטיקן דאָרט טאָמער הערט זי נישט אויף צו לאַכן.

כאַשע דאָבע: כ׳בעט אייך, קינדער, צינדט אָן אַ ליכט. מען הערט דאָך קיינעם נישט. מען זעט דאָך קיינעם נישט.

בעני לייב: כ׳האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט... לאָמיר זען, וואָס זי לאַכט אַזוי...

(מאַכט ליכטיק מיט אַ מאָל.)

חיים דוד: פון זינען קען מען אַראָפּ. וואָס איז דאָס?... וואו ס׳געלד... וואו ס׳גאָלד? ס׳אי דאָך...

(ער נעמט אָן אַ הויפן רענדלעך. עס לאָזט זיך גאָר אויס, אַז שוואַרצע שערבלעך ליגן אין די כלים... ער נעמט אָן אַ הויפן פון זאַק — דאָס אייגענע.)

מאיר פייוול: כי, כי, כאַ, שערבלעך...

(אַלע קוקן צו דעם ערדשטוינס.)

העני פייגל (קומט אויף. קראַצט זיך אין קאָפּ): אוי, האָט זיך מיר געחלומט, אַז די קאַץ האָט קעצעלעך געהאַט, און די קליינע קעצעלעך האָבן נאָך קעצעלעך געהאַט. אַ פולע שטוב איז געוואָרן מיט קליינע קעצעלעך.

(לאַכט.)

**חיים דוד** (זוכט נערוועז צווישן די שערבלעך, אפשר וועט ער כאַטש נאָך איין רענדל געפינען. ניטאָ.)

**מאיר פייוול: כי, כי, כאַ. מען קען די שערבלעך אויף דרויסן אַרויסשיטן.**

**כאַשע דאָבע: אויסגעגאָסן דעם וויין, האָט מען גאָטס חסד אַרויסגעגאָסן . . .**

**חיים דוד** (קוקט אין די ליידיקע כלים. קראַצט זיך אין קאָפּ און רעדט קיין וואָרט.)

**העני פייגל** (האַלט זיך אַזש ביים בויך לאַכנדיק.)

.1914

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

פייווע, אַ גאַס־מענטש.

פעשקע, זיין טאָכטער.

פייגע, פייוועס מוטער, בלינד.

אברמל, אַ יונגער קוימען־קערער.

ביינעש, אַן אַלטער טרעגער.

ווינטער־אָוונט. ביי פּיזוען : צוויי שמאָל־לאַנגע חדרימלעך אין אַ טיפן קעלער. ווען עס ווערט ליכטיק זעט מען אין פאָדער־גרונד־צימער, רעכטס, אַ באַק־אויוון און אַ קיך. אויף דער ערד טעפּלעך שוואַרצע. פענצטער, טיף אין דער וואַנט פאַר־גראָבן. שטיקלעך צעבראָכענע מעבל. אין הינטער־גרונט אַ צווייטער צימער. פון אַן אייזערנעם אייוועלע ציען זיך שוואַרצע רערן ביז צום קוימען אין דעם פאָדערשטן צימער. פון צווייטן צימער הייבט זיך אָן צו הערן דער אַלטער פייגעס טריט באַ־גלייט מיט קרעכצן און זיפצן.

פייגע (טאַפּט און זוכט) : אַרויס, ווייזט אויס, פון שטוב. נאָר אַנטדערעמלט געוואָרן און דאָס איז שוין אַרויס... קאַלט דער אויוון. נישט דערלעבט זיך אָנצוואַרעמען... פינצטער. נישט צו מערקן, מ׳זאָל וואָס ברענען. (פּלאָנטערט זיך אַרום אין דער פינצטער.) פּעשקע! האַ?... אַרויס. האָט זי נישט געלאָזט אָפן די טיר? ס׳אַ לעבן, ס׳אַ לעבן! הו־הו־הו... אַבי נישט אין גאַנצן אין דער ערד. (די טיר עפנט זיך, עמיצער קומט אַרײַן.) ווער גייט? האַ, ווער גייט? ביי־ניש?

בייניש: גוט נ׳אָוונט! דאָס בין איך.

פייגע: בייניש?

בייניש: איך בין עס. גאָר אין דער פינצטער?

פייגע: באַדאַרף איך דען ליכט? איך זוך, פּעשקע איז נאָר וואָס געווען אין שטוב. אַנטדרעמלט געוואָרן. שטאַרק פינצטער, וואָס?

בייניש: שטאַרק פינצטער. ס׳אי ביי אייך קאַלט. געמיינט די ביינער אַביסל אָנוואַרעמען.

פייגע: אַ שטאַרקע קעלט. וואָס זאָגסטו?

ביניש: אַ מוראדיקע קעלט: גאָר נישט איינצושטיין.

פייגע: פאַרדינט וואָס?

ביניש: אַפילו דעם שטריק פון זיך נישט אָפּגעבונדן... קאַלט. מסתמא נישט געהייצט היינט?

פייגע: געהייצט, ווי דען?

ביניש: מיט שפּענער מסתמא?

פייגע: מיט גראָבע שייטער האָלץ. אַליין זיי מיט מיינע הענט געזען.

ביניש: גאָר אַ מוראדיקער פראָסט!

פייגע: איז נישט פינצטער?

ביניש: פינצטער, חושך!

פייגע: דאָרט אויפן טיש דאַרף שטיין אַ לאָמפּ.

(זיי גייען ביידע אין צווייטן צימער.)

ביניש: אויפן קוימען?

פייגע: דאָרטן ליגן זיי אַ מאָל... ס׳וויל אין שטוב נישט איינזיצן. אפשר שלאָפט זי ערגעץ — זיי מוחל, טו אַ קוק.

ביניש: ווער?

פייגע: פעשקע. זי זיצט אין שטוב. גייט אָן שיך.

ביניש: קיינעם נישט צו זען, פינצטער — אַ טורמע.

פייגע: בין איך, הייסט עס, לאַנג געשלאָפן. ס׳שלאָפט זיך שוין. די ברעמען לאָזן זיך אַראָפּ באַצייטן. נישט געפונען?

ביניש: כ׳ווייס נישט, וואו צו זוכן. אַ מוראדיקער פראָסט געווען. אַז זי פאַרדינט נישט, כאַפּט שוין גאָר פאַרן האַרצן.

פייגע: נישטאָ. קען אין שטוב נישט זיצן. ביי טאָג איז דאָ געווען ווער אין שטוב. מען האָט זיך געשושקעט... זאָל עס אברהמטשיק זיין? נישט צו דערגיין געווען.

ביניש: איי, וואָלט איך ביי איר דערגאַנגען! וואָס זאָגט פּייווע? און די שטריק? וואָס זשאַלעוועט מען די שטריק?

פייגע: אויף אַ יונג לייב די שטריק איינדרייען, טוט וויי. צו יונג איר לייב פאַר שטריק. ס׳וויל דעם יאָך אויף זיך נישט שלעפּן.

זאָל איך איר דעם יאָך אָנהענגען? נישט צו זען, וואָס אויף דער וויסער וועלט טוט זיך. באַלד דרייסיק יאָר. אפשר זעט שוין אַפילו די גאַס גאָר אַנדערש אויס...

ביינִיש: אָבער ווי לאָזט עס אַ מויד די באָבען אין דער פינצטער? פּיוּוען דאַרף מען אַביסל אונטערטרייבן. כ'וועל אים באָרגן מיין שטריק.

פייגע: ער האָט זיין אייגענע שטריק. הו־הו־הו... אָט אַזוי זיצט מען אין דער פינצטער. בלינד און עס גלוסט זיך, פייער זאָל ברענען. הו־הו־הו, עלטערע קינדער שלאָגן; ס'הייסט זיך אַליין מיט די פויסטן. געקענט אַ מאַמען, האָט אָנגעהויבן שלאָגן אירע קינדער נאָך אין די געדערעם. זיך איבערן בויך מיט די פויסטן. דאָס ביטער לעבן נישט פאַרטראָגן. דער מאַן האָט געיאָגט. נישט געוועזן, צו וועמען אויסצולאָזן דעם כּעס... אַ גאַל פּלאַצט. וואָס איז אַ קינד שולדיק? אַ יונג קינד? ס'וויל שטיפן, ס'וויל זיך קערן קאָזאַלקעס.

ביינִיש: איי, וואָלט איך פאַר דעם מיטן שטריק פּאַסן גע־ריסן!

פייגע: און ווער האָט פּיוּוען דאָס לייב געריסן? אַ שטיפער געבוירן געוואָרן, נאָך ווי אַ שטיפער! אַ שווער טראָגן געהאַט מיט אים. געוואָלט פאַר דער צייט פון די געדערעם אַרויסשפּרינגען. אויפן קאָפּ זיך געשטעלט און מיט די פיסלעך אין האַרצן געטראָסקעט. גאָר אַ שווער טראָגן! געבוירן געוואָרן — און מיט זיך דעם יאָך מיט־געשלעפּט. אין מיינע געדערעם אַליין דעם יאָך געכאָוועט.

(אין צווייטן צימער ווערט מיט אַמאָל ליכטיק.)

פּעשקע (קומט מיט אַן אָנגעצונדענער שוועבעלע.)

ביינִיש: גאָר! דאָ איז זי, גאָר ניט געוואוסט.

פּעשקע: באַווייזט מיר נאָר, ביינִיש, אייער שטריק, אין וויפל איז זי געדרייט? איר ווילט באָרגן דעם טאַטן אייער שטריק — איר קענט דאָך אים אַפילו פון זיך ניט אָפּבינדן.

פייגע: כ'האָב געמיינט, ביסט ערגעץ וואו געגאַנגען. מאַך פייער, מיין קינד.

פּעשקע: וואוהין זאָל איך גיין באָרוועס אין אַ פראָסט?

ביינִיש: אונטערן טיש האָט זי זיך באַהאַלטן מסתמא. אומעטום

געזוכט. האַ—האַ—האַ, אַלץ האָט זי געהערט. אַבי אַן אמת גערעדט. דער טאַטע זשאַלעוועט אַביסל.

פעשקע: ער זשאַלעוועט, ער זשאַלעוועט.

ביניש: איז ער אַ נאַר. קינדער מוז מען שלאָגן. נאָר גע־פּאַסעוועט אויפן הוילן לייב.

פעשקע: ווי גוט איז אייך, ביניש!

ביניש: נו, נו, איך האָב חוזק געמאַכט. גלייב מיר, איך האָב חוזק געמאַכט.

פייגע: האָסט גאָר נישט חוזק געמאַכט, ביניש, ס'רעדט זיך אַ מאָל אַרויס און מען מיינט אַליין, אַז דאָס איז אַ נאַרישקייט.

ביניש: אויף אַ טאַטן דאַרף מען זיך נישט אָנלייגן, אַ טאַטע דאַרף שלאָגן, אַז אַ קינד לייגט זיך אָן אויף זיינע פּלייצעס.

פעשקע: כ'ווייס נישט, מיינט איר, אַז איר האָט גערעדט מיטן טאַטן? ביניש מיינט, אַז מיט זיינע שטריק וועט ער קענען העלפן דעם טאַטן מיך צוביינדן.

פייגע: ציינד בעסער אָן אַ ליכט.

פעשקע: כ'קען אין דער פינצטער אויך זיצן. (זי צינדט אָן אַ שוועבעלע.) איר וואָלט האָבן אייגענע קינדער, וואָלט איר שוין גאָר אַנדערש גערעדט. איז אין כעס און ווייסט אַפילו ניט, וואָס אַ קינד איז.

ביניש: איך וואָלט זיי נישט געשאַנעוועט. פאַר צינדן שווע־בעלעך אומזיסט, וואָלט איך די פינגער געבראָכן... איך לאַך, נאַר!

פעשקע: ס'איז מיר אַלץ איינס: יאָ געלאַכט, נישט געלאַכט. מיינע קליידער זענען אויפן וואַנט צעפוילט געוואָרן פון שימל. ווי לאַנג נאָך וועל איך דאָ זיצן? ביז מיינע זייטן וועלן אָנהייבן צו פוילן? לעבעדיקערהייט פוילן וויל איך נישט, און — כ'וועל נישט!

(זי רייבט אָן אַ שוועבעלע.)

פייגע: נישט צינד אומזיסט, נישט צינד... איז עס יונג, איז עס אָן שכל; ס'וויל קלוג זיין. נאַריש קינד! וואו מען ווערט געבוירן דאָרט ווערט מען פאַרלוירן. אין קעלער האָט דיך דיין מאַמע גע־בוירן. וואָס, נישט? נאָך נאַסער ווי אין דעם געוועזן. די ווענט מיט

שימל באַדעקט. פאַרן בעט מיט זעק פאַרהאַנגען. די זעק צופוילט געוואָרן. דו האָסט געלאַכט, געקלאַפּט מיט די פיסלעך און געלאַכט. אַנדערע קינדער הייבן גאָר פרי אָן צו לאַכן; אויף דער אַנדערער וואָך; נאָך גאָר אין קינד־בעט... הויבט עס נאָר אָן צו רעדן, לאַכט עס שוין נישט מער, וויינט עס...

פעשקע: איך וועל איצטער מער נישט וויינען... וויינען — מער נישט!

ביינִיש: וועסט נאָך וויינען אין די פויסטן; באַגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און וויינען... ביי מיר איז וואָרעמער — אַ גוטע נאַכט!

(גייט אַרויס.)

פעשקע: ער האָט אַפילו קיין שׂכל נישט אַ געלעכטער צו מאַכן. בונטעוועט דעם טאַטן.

פייגע: דער טאַטע איז איצטער אויך נישט שלעכט. צרות, מיין קינד, מאַכן שלעכט. מען ווערט בייז אויף זיך אַליין — שילט מען זיך אַליין. אַ קינד איז דען נישט אַ שטיק פונעם אייגן לייב?

פעשקע: ער קען דאָך נישט זען אַפילו, אַז איך הייב אויף דעם קאָפּ.

פייגע: אַז זיין קאָפּ, מיין קינד, ליגט אים צען איילן אין דער ערד. צי לאַכט ער אַמאָל, — כ׳הער נישט. קיין מאָל נישט. צרות נאָגן. מען לעבט אין קבר. דוכט זיך, כ׳זע נישט, אין די אויגן פינצטער; איז דען אַ חילוק וואו כ׳זיץ, אויבן, צי אונטן? אַלץ איינס, דוכט זיך — ניין! אָבער ניין. שפּיר איך מיט מיינע בלינדע אויגן, אַז כ׳ליג אין גרוב. קענסט זיך נישט אויפהייבן, וואָס קומט פון דעם אַרויס?... הו־הו־הו — ביסט גערעכט, מיין קינד, ביסט גערעכט. מיט מיינע בלינדע אויגן שפּיר איך, אַז דו ביסט גערעכט; כ׳וועל דיך מיט מיינע הענט באַשירמען. דער טאַטע וועט דיך נישט טשעפּען. כ׳וועל אים נישט לאָזן שלאָגן. כ׳וועל אים זאָגן —

פעשקע: וואָס האָסטו דען אים צו זאָגן? כ׳ווייס נישט, צי ער שלאָגט מיך פאַר ליבשאַפט, צי פאַר יסורים.

פייגע: כ׳וועל אים זאָגן, מיין קינד, אַן עלטער קינד באַדאַרף מען שאַנעווען, מען דאַרף פאַר דעם דרך ארץ האָבן. ער קען נישט זען, מיין לעבן, אַז דו גייסט אום ליידיק. אַ מענטש, אַז ער טרינקט

זיך, אַפילו אַ שטרויעלע איז אים שווער אויף זיך צו האַלטן. וואו ביסטו, מיין קינד?

פעשקע: אַט בין איך.

(זי צינדט אָן אַ שוועבעלע.)

פייגע: אַז דו מאַכסט פייער, דוכט זיך מיר, אַז איך זע דעם גאַנצן קעלער.

פעשקע: זעסט נישט, באָבע; אַז קיינער פון אונדזערע זעט אים נישט.

(ס׳ווערט ווידער פינצטער.)

פייגע: אַט, זעסטו, האָב איך געמערקט, אַז עס איז ווידער פינצטער געוואָרן.

פעשקע: כ׳וועל דיר מאַכן באַלד ווידער ליכטיק.

(רייבט אַ שוועבעלע.)

פייגע: אַ שאָד, אַ שאָד. געוויס מערק איך. אַלץ מערק איך. אַפילו דיך מערק איך אויך. (אין אַ ווײַלע אַרום.) די שטוב ליידיק. כאָטש וואָרעמע וואַסער; ער וועט קומען פון גאַס אַ צעפּראָרענער...

פעשקע: וואָס וועט פונם ביסל וואַסער אַרויסקומען? זאָל שוין זיין, וואָס עס וויל. איך האָב נישט געקענט. באָבע, איך האָב מער נישט געקענט! פון הונגער שטאַרבן, אַבי נישט לעבעדיק פאַרפוילט ווערן. אַך, באָבע, באָבע, באָבע!

(זי וואַרפט זיך צו דער אַלטער אויפן האַלדז.)

פייגע: דו ביסט-שוין אַזוי לאַנג פון פאַבריק און דער טוטון האָט נאָך נישט אויסגעוועבט.

פעשקע: די ביטערניש וועט זיך שוין הערן פון מיר, צייט איך וועל לעבן. זאָג מיר, באָבע, פאַרוואָס איז אַזאַ יונג־בלוט, ווי איך, אַזוי אומעטיק?... באָבע, מיר איז אומעטיק, מיך דריקט! כ׳וועל אפשר אויסגיין פאַר אומעט? זאָל דער טאַטע קומען און מיר דאָס לייב מיט אַ שטריק צעפּאַסעווען, וועט מיר אפשר גרינגער ווערן.

פייגע: ביסט, מיין קינד, זיבעצן יאָר אַלט — און איך זיבעציק. שווער איז צו פאַרמאַכן די אויגן. פאַרמאַכט מען זיי שוין יאָ — פאַלט

פון האַרצן אַ שטיין אַראָפּ. דיר איז אומעטיק, און מיר איז פינצטער.

פעשקע: מיינסט, באָבע, כ׳פויל זיך צו אַרבעטן. כ׳בין נישט פויל, באָבע! אַלץ אין דער וועלט וואָלט איך געטאָן, אַבי מיר זאָל גרינגער ווערן.

פייגע: מאַך זיך, מיין קינד, אַ וועג, ווי אַזוי פון דאַנען אַרויס־צוגיין. כ׳האָב פריער געזינדיקט. מיר האָט זיך געדוכט, מען רעדט, מען שושקעט זיך... מסתּמא אברהמטשיק געווען. אפשר וועט ער דיך פון דאַנען אַרויספירן. כ׳האָב פאַר ביינישן גערעדט, כ׳האָב עס נישט געטאָרט...

פעשקע: אַך, באָבע! ווען דו זאָלסט וויסן, ווי אָט דאָ קלעמט מיר; עס רייסט מיר מיט אייזערנע קאָמען. דאָס גאַנצע לייב ווערט מיר קאַלט און ווידער הייס. אין די אויגן ווערט מיטאַמאָל נאָך פינצ־טערער, ווי דיר איז... די מאַמע פלעגט מיך פאַר די האָר רייסן. איך בין קליין געווען. כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס. און זי האָט מיך פאַר די האָר געריסן. זאָג, צי איז איר דען גרינגער געוואָרן, אַז מיר האָט וויי געטאָן?

פייגע: זי האָט זיך אַליין ס׳האַרץ געריסן. כ׳ווייס, מיין קינד, ווי זי האָט דיך ליב געהאַט, נאָר די יסורים. דיין מאַמע איז פון הונגער געשטאָרבן. דיך האָט זי מיט קאַרטאָפל געקאָרמעט, און אַליין די שפּייעכץ געשלונגען, די טרערן געשלונגען... (שווייגט אַ ווײַלע.) באַלד וועט דער טאַטע קומען הונגעריק און דו האָסט פאַר אים גאָרנישט צוגעגרייט, מיט וואָס זיך צו קוויקן, וועט ער באַלד זיין אין כּעס... אַ מאַמע קען אַלץ, אַ טאַטע — נישט. אַ מאַמע קען פאַר דער צייט אין דער ערד אַריין גיין — אַפילו לעבעדיקערהייט, און ווען דיין מאַמע האָט געוויינט איבער דיר, ווען דו האָסט, נישט היינט געדאַכט, געפּאַקט און געמאָזלט און ווען די צרה האָט זיך אין האַלדז אַריינגעקליבן, האָסטו שוין נישט געהערט... דאָס, מיין קינד, האָב איך געהערט... מיט מיינע בלינדע אויגן, און מיין לייב האָט געברענט; טרערן האָבן געשרפעט. אַ בלינדער קען נישט וויינען. נייך, ער קען נישט. איז דען דיין מאַמע מיין טאָכטער נישט געווען?... איין שטיק ליכט. און מיט מיינע בלינדע אויגן האָב איך געשפּירט, ווי עס גייט אויס ווי אַ ליכט... הו־הו־

הו — דיר איז אומעטיק, פאַרוואָס דען נישט? איך זע נישט. וואָלטן זיך מיר מיינע אויגן געעפנט — ווי אַ קליין קינד וואָלט איך גע־כליפּעט. כ׳וואָלט דיין טאַטן דערזען — און נישט דערקענט. דער פּנים מוז זיין פאַרענדערט... אַז מען שלאָגט אַן עלטער קינד, באַ־דאַרף שוין דער פּנים זיין שוואַרץ פאַר יסורים. אַז מען רייסט אַ בת־יחידה פאַר די האָר. מיין קינד, פאַר יסורים טוט ער דאָס.

(שטיל.)

פּעשקע: כ׳בין אין פאַבריק געגאַנגען און געפּוילט אין דער ביטערניש, און פון אַלע זייטן זיצן: פאַרגעלטע, פאַרגרינטע פּנימער און שווייגן; שווייגן און פּוילן. און איך שוויג אויך. און אין מיר רייסט, עס ווערט אומעטיק. אוי, ווי אומעטיק! אַז אַ ליכט גייט אויס און שמעלצט זיך. און אַז מענטשן שמעלצן זיך, גייען אויס; בייגן זיך און פאַלן אין גאַנצן אום — פאַלט אַן אימה אָן. זאָג, זיך, פּלאַצט דאָס האַרץ. ס׳איז אויף מיר אַ פּחד אָנגעפאַלן. באָבע! באָבע! צי בין איך אומגערעכט, אַז איך אַנטלויף פון פייער, איך זאָל זיך ווי אַ ליכט נישט צעשמעלצן?... אַז איך זע, ווי אַ פּנים ווערט געל, ווי אַ בלעטל אין אָסיען, האָב איך מורא. ווערט מיר ביז צום שטאַרבן. מיר דאַכט, אַז מיט איינמאָל איז מיין פּנים צעקנייטשט געוואָרן. און די אויגן... אוי, באָבע, כ׳האָב עס גאָר מורא אַרויסצורעדן פון מיין מויל. און דאָ איז נאָך ערגער... זאָג, באָבע, צי פּילסטו גאָרנישט, זיצנדיק אין קעלער, אַז דער גרויסער מויער ליגט אויף דיר, אויפן קאָפּ, ליגט און דריקט דעם שאַרבן מיטן מאַרך אינאיינעם?

פייגע (קושט פּעשקען): אַך, די יוגנט! ווי עס פּילט, ווי עס שפּירט דעם ווייטיק! בין איך יונג געווען, מיין קינד, מיט אויגן, אין דיינע יאָרן, האָט מיין לייב אַלץ געשפּירט. ווי האָט געטאָן — אומדער־באַרעמדיקע יסורים, מען האָט מיר מיינע גלידער געבאָרכן. כ׳האָב די ליפּן פאַרביסן — ביז בלוט, פאַר יסורים פאַרביסן און געשוויגן. כוח איז געווען מער, צום שוויגן — גבורה געווען. די גבורה איז ביי היינטיקע קינדער נישטאָ... הו־הו־הו — יסורים, יסורים און קיין גבורה איז נישטאָ.

אברהמטשיק (קומט אַריין): גאָר אין דער פינצטער זיצט איר. איז ווער דאָ?

**פּעשקע:** קום אַהער, אבֿרהמטשיק.

**פייגע:** מיר האָבן זיך פאַררעדט און קיין פייער נישט אָנגעצונדן.

אבֿרהמטשיק: אין דער פינצטער זעט מען נישט, ווי מיין פּנים איז אין סאַזשע פאַרשמירט.

**פּעשקע:** ס׳איז קאַלט אויף דער גאַס?

אבֿרהמטשיק: אַ פראָסט אַ שטאַרקער. שטייענדיק אין דער הייך אויף די קוימענס, איז נאָך קעלטער. דער ווינט בלאָזט פון אַלע זייטן.

**פּעשקע:** מען קען נאָך אַמאָל פון אויבן אַראָפּפאַלן אויך. דער ווינט קען אַ טרייב טאָן.

**פייגע:** אויפן גלייכן וועג ווערט מען נאָך גיכער געשטראָפט.

אבֿרהמטשיק: ס׳איז גוט צו שטיין אויפן שפּיץ דאַך און קוקן אין גאַס אַראָפּ, זען, ווי די מענטשן קנורן זיך. זיי דרייען זיך איין אין דרייען און לויפן פונקט, ווי עמיצער וואָלט זיי מיט אַ לאַנגער בייטש טרייבן.

**פּעשקע:** אָט צינד אָן דאָס לעמפּל. אויפן טיש שטייט עס. מיר איז קאַלט אין די פיס, כ׳גיי באָרוועס.

אבֿרהמטשיק (ער צינדט אָן אַ קליין לעמפּל און לאָזט עס שטיין אויפן טיש. דעם קעלער הילן שאָטנס איין.)

**פייגע:** שוין ליכטיק?

אבֿרהמטשיק: וואָס האָט איר זיך אַזוי איינגעקנורעט אינאיינעם?

**פּעשקע** (באַפרייט זיך פון דער אַלטער; איר געזיכט איז בלאַס אָן אַ שפּור פון פריילעכקייט): מיר האָבן זיך געוואַרעמט. אוי, ביסטו שוואַרץ! וואָש אָפּ דעם פּנים ביי אונדז.

(זי דריקט זיין האַנט.)

אבֿרהמטשיק (ער קוקט זי אַ צייט אָן אין די אויגן, וואַשט זיך.)

**פייגע:** פונדעסטוועגן, מיין קינד, מאַך פייער. אפשר וועט ער וואָס ברענגען פון גאַס, וועט מען פאַרקאָכן.

אבֿרהמטשיק: נו, איצטער בין איך שוין ווייס?

**פּעשקע:** ביסט נאָך אַלץ אין סאַזשע פאַרשמירט.

(זי פאַלט אים אויפן האַלדז. אַ ווײַלע שטיל.)

פייגע: מאַכסטו פײַער?

פּעשקע (סודעט אים וואָס אויפן אויער. זי קוקט אויף דער אַלטער, רעדט הויך): איז אַ שטאַרקער פּראָסט, זאָגסטו?

אברהמטשיק: אַ פּראָסט און אַ ווינט.

פייגע: שטעלסטו וואָס צום פײַער. דער טאַטע וועט קומען. זאָל ער נישט זײַן אין כּעס.

פּעשקע (זי זאָגט אברהמטשיקן וואָס. ער ציטערט אויף, זי באַפרייט זיך פון אים און בלײַבט שטיין צעשטרויט): אַ לײדיקע שטוב, אַ לײדיקע שטוב...

אברהמטשיק (ער גייט צו צו פּעשקען, נעמט איר האַנט.)

פייגע: אברהמטשיק איז שוין אַוועקגעגאַנגען?

אברהמטשיק: איך בין דאָ.

(ער רעדט איר וואָס אויפן אויער.)

פּעשקע (שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַ צייכן אויף ניין. רעדט הויך אויף דער אַלטערס זײַט): ווי ליכט האָבן זיי זיך געשמאָלצן אַנטקעגן פײַער, און פון טאָג צו טאָג אײַנגעגאַנגען... כ׳האָב נישט געוואָלט פאַר דער צייט אין דער ערד אַרײַן גיין. מײַן יונג בלוט וויל נאָך לעבן, מײַן יונג האַרץ וויל נאָך אויפבליען. בין איך אויפגעשטאַנען פון שלאָף און דערזען, אַז מײַנע קליידער זענען צעפּוילט געוואָרן, אויפן וואַנט הענגענדיק.

(זי באַגראָבט איר קאָפּ אויף זײַן ברוסט, און איר קערפּער ציטערט פון געוויין.)

פייגע: קינדער, דער טאַטע וועט קומען.

פּעשקע: איידער דאָס אויג זאָל נאָך דער צייט אָנהייבן צו זען אַלץ, וואָס אַרום טוט זיך, איז שוין גלײַכער...

פייגע (שלאָגט זי איבער): שילט זיך נישט, מײַן קינד! ביסט נאָך יונג. מיר וועט שוין קיינמאָל גוט נישט זײַן. כ׳האָב נאָר מורא, פּיווע וועט קומען.

פּעשקע: זאָל ער קומען, זאָל ער קומען, זאָל ער מײַן לײַב מיט זײַנע פיס טרעטן.

**אברהמטשיק:** קיין מענטש אין דער וועלט דאַרף זיך ניט לאָזן מיט די פיס טרעטן. אַפילו קעגן אַן אייגענעם טאַטן וואָלט איך אויפ־געשטאַנען.

**פעשקע** (דריקט אים צו זיך און קושט אים שטיל): ניין, ניין, ניין. ביסט ניט גערעכט, מיין מאַמע האָט מיך געלאָזן. גאַנץ רואיק איבער־געלאָזן. זי האָט געדאַרפט שוין מיט די שאַרבנס אויף די אויגן פון קבר צוריק אַרויסשפּרינגען און מיך ניט פאַרלאָזן.

(וויינט. בלייבן ביידע געאָרעמט.)

**אברהמטשיק** (ווישט די טרערן.)

**פייגע:** וויינט נישט, וויינט נישט. מענטשן, וואָס האָבן ליכטיקע אויגן טאָרן נישט וויינען. געזען מאַמעס, די באַקן געל געוואָרן פון צופיל וויינען אין דער יוגנט. געבליבן פלעקן. שוין אויפן גאַנצן לעבן געבליבן...

**פעשקע:** ביי מיר, באָבע, וועלן קיין געלע פלעקן נישט בלייבן אויף די באַקן...

**פייגע:** אברהמטשיק! ביסט מפרנס דיין מאַמען. דיין מאַמע האָט דיך ליב. אַז מען האָט אַ מאַמען, וואָס זאָל ליב האָבן, איז שוין גענוג. אַז מען שפּאַרט אָן דעם קאָפּ ביי אַ מאַמען אויפן האַרצן איז שוין גענוג. ביידן ווערט גרינגער. אַפילו אין דער ערד ליגנדיק, ליידן די מאַמעס, האָבן קיין רו נישט, ס׳טוט זיי ווי...

**פעשקע** (קושט און האַלדזט אברהמטשיקן. זי מאַכט אים אַ צייכן, ער זאָל אַוועקגיין. רעדט הויך): **דער טאַטע וועט באַלד קומען!**

**פייגע:** **ווער וויינט עס אין דער שטיל? ווער וויינט?**

**אברהמטשיק** (ווינקט וואָס צו פעשקען): **אַ גוטע נאַכט! כ׳וועל נאָך היינט אפשר נאָך אַמאָל קומען.**

(בלייבט נאָך אַ ווײַלע ביים טיר.)

**פייגע:** **גיי געזונט, מיין קינד!**

**פעשקע** (שטייט לעבן אויוון צעטראָגן.)

**אברהמטשיק** (גייט אַרויס ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון פעשקען.)

(שטיל)

**פייגע:** הו־הו־הו. — די יוגנט, די יוגנט, די שיינע, ליכטיקע יוגנט! (אין אַ ווײַלע אַרום.) מײַן קינד, דו ביסט הונגעריק, מאַך פֿײַער אין אויוון.

**פּעשקע:** ניין, באָבע, איך בין נישט הונגעריק.

**פייגע:** אין דײַן קול ליגט עס, מײַן קינד: עס ציטערט.

**פּעשקע:** ניין, באָבע, כ׳בין נישט הונגעריק.

**פייגע:** שיינע, ליכטיקע יוגנט...

(אַ שווערע שטילקייט.)

**פּיוּוע** (קומט אַרײַן. ער איז אויפֿגעדרייט פֿון קעלט. לייגט אויפֿן טיש אַ קליינעם טייל פֿון אַ לאַבן שוואַרץ ברויט. דרייט זיך אַרום אין שטוב.)

**פייגע:** פּיוּוע?

**פּיוּוע** (שווייגט. ער זעצט זיך ביים טיש, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפֿן האַנט.)

**פּעשקע** (קוקט אים אָן, שטייענדיק ביים אויוון.)

**פייגע** (הייבט זיך אויף פֿון איר אָרט): פּיוּוע, דו ביסט דאָך גע־קומען, האָ? פּעשע, דער טאַטע איז געקומען?

**פּעשקע:** יאָ.

**פייגע:** לייג אָן אַ פֿײַער, פּעשע. האָסט וואָס געבראַכט, פּיוּוע? ביסט אַוודאי הונגעריק. זי זיצט אויך אומגעגעסן.

**פּיוּוע:** ברויט ליגט אויפֿן טיש.

**פייגע:** דער ברויט, דער ברויט. איז דען אַ פּעולה, אַז דו ביסט... ברויט קען גענוג זיין, אָבער...

**פּיוּוע:** לאָז, מאַמע, צורו.

**פייגע:** דער מאַמעס בלינדע אויגן טוען וויי. דער מאַמעס אַלט האַרץ טוט וויי. דאָס יונגע בלוט גיסט זיך; ס׳גייט איין.

**פּעשקע:** פֿאַר מיר דאגה נישט, באָבע.

**פייגע:** האָסט געבראַכט ברויט, האָסטו — אַ פֿריילעכן פּנים צו אים וואָלסטו געבראַכט. אַ פּאָר ווערטער גוט־האַרציקע וואָלסטו געבראַכט. — ברויט אָן דעם — סם איז עס.

**פּיוּוע:** סם מיר נישט מײַן בלוט, מאַמע!

**פייגע:** עס ליגט דער ברויט אויפן טיש — פאַרוואָס עסט מען אים נישט? (זי גייט צו פּיווען און פירט אירע הענט איבער זיינע אַקסל.) שווייגסט, פאַר דעם האָב איך שוין גאָר מורא. וואָס שווייגט איר? אַ שטוב מיט מענטשן, און עס איז שטיל... וואו מענטשן זענען, דאָרט איז שווער די שטילקייט צו פאַרטראָגן. מאַך אַ פריילעכן פּנים, זיי נישט מביש דעם ברויט. אַ טיש איז אַ מזבח און דער ברויט — זיין הייליקער קרבן, זיי אים נישט מביש.

**פּייוועַ** (קוקט אָן די אַלטע מיט אויפגערעגטע אויגן.)

**פייגע:** שווייגסטו גאָר; ווייס איך שוין גאָר נישט וואָס צו רעדן צו דיר. ווייס איך שוין גאָר נישט וואָס ביי דיר אויפן האַרצן איז. שרייסטו, ווייס איך; שלאָגסטו, פיל איך; אָבער דיין שווייגן... נאָר אויף דיין קינדס קאָפּ זאָלסטו דיינע יסורים נישט אויסגיסן... ס'איז איר גענוג. פעשקע! וואו ביסטו? אויף מיר גיס דיין צאָרן אויס, דיין ביטער האַרץ, אויף מיר.

**פּייוועַ** (באַהאַלט זיין קאָפּ אויפן אָרעם.)

**פייגע:** איצטער איז מער ווי שטענדיק פאַרביטערט דיין האַרץ — שוין דיין קינד. זאָל זי גיין איר וועג... פּייווע, רעד זיך אויס פאַר מיר. כ'בין דאָך דיינע אַ מאַמע, געדענקסט, דו ביסט אַ קינד געווען, כ'האָב דיך אויף מיין שויס געכאָוועט, כ'האָב דיך אין מיינע טרערן געבאָדן. האָסט געוויינט און געלאַכט, אַלץ ביי מיר אויפן שויס. רעד איצטער אויך פאַר מיר — כ'וועל נאָך הערן, און אויב איך וועל קענען, וועלן נאָך מיינע בלינדע אויגן וויינען.

**פּייוועַ** (שטעלט זיך פּלוצלונג, שרייט אויס, מיט גרויס שמערצן אויפן געזיכט): **מאַ־מע! מאַ־מע!**

**פייגע: רעד נאָך, רעד נאָך...**

**פּייוועַ: ב־ביין, כ'קען נישט...**

(ער גייט אַרויס פון שטוב.)

**פייגע: וואוהין טראָגסטו דיין ביטער האַרץ, מיין קינד!?**

(בלייבט שטיין אין מיטן שטוב.)

**פעשקע** (גייט אַרויס אויף דער גאַס און קומט שנעל אַריין צוריק.)

**פייגע: ווער איז עס?**

**פעשקע: דאָס בין איך.**

(שטיל.)

פּעשקע (געפינט אַ שטריק, און ווערנד די אַלטע רעדט, ציט זי אים דורך איבערן רער פון אויוון, לעבן טיר פון צווייטן צימער. זי אָרדנט איין אַ שלייף. די הענט אירע ציטערן.)

**פייגע: דער ברויט ליגט אויפן טיש פאַריתומט. אויף אים האָט זיך אויסגעגאָסן דער ים יסורים. ווער קען אים צום מויל נעמען? ווער זאָל אַ מויל עפענען?... כ'שפיר, ווי דער באַלקן בייגט זיך נידעריקער אַראָפּ איבער מיין קאָפּ... וואָס טוסטו, פּעשקע?**

**פּעשקע: מיר חלומט, באָבע.**

**פייגע: וואָס, מיין קינד?**

**פּעשקע: אַז דאָס לעבן ווערט גרינגער און ליכטיקער.**

(וואַרפט זיך דער אַלטער אויפן האַלדז.)

**פייגע: דו ציטערסט, מיין קינד.**

**פּעשקע** (קושט די אַלטע): **מיר חלומט זיך, באָבע.**

**פייגע** (קושט פּעשקען): **וואָס, מיין קינד?**

**פּעשקע: אַז נישט אייביק וועט זיך די יוגנט אַזוי פּלאָגן.** (בלייבן ביידע שטיין אַרומגענומען.)

(שטיל.)

**פייגע: פאַרוואָס קלאַפּט אַזוי שטאַרק דיין האַרץ, מיין קינד?... שטאַרק אָבער אומרואיק.**

**פּעשקע: פאַר שמחה, באָבע...**

(שטיל.)

פּעשקע באַפרייט זיך פון דער אַלטער. זי גייט צו שטיל צום טיש און הייבט אָן לאַנגזאַם אַראָפּלאָזן דעם פייער פון לאָמפּ, באַמיענדיק זיך. די אַלטע זאָל ניט מערקן.

פייגע (שטייענדיק אין מיטן שטוב רעדט ווי צו זיך אַליין): **דאָס ליכט לעשט זיך... דאָס ליכט לעשט זיך...**

**.1906**

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

פערל

מאָטעלע, איר קינד.

גדליה, איר געשטאָרבענעם מאַנס פאָטער.

סענדער, וואוינט די צווייטע טיר, אויף דעם אייגענעם בוידעם.

מלכה, זיין ווייב.

אַ בוידעם־שטיבל. די סטעליע אין הינטערגרונט צו די פענצטער אַראָפּגעבויגן. צווישן די פענצטער אַ ניי־מאַשין, איבערגעדעקט. רעכטס און לינקס געלעגערס. זומער פּאַרנאַכט. אויף איין געלעגער ליגט דער אַלטער גדליה, שלאָפט. קעגנאיבער אויף אַ געלעגער זיצט פּערל. לעבן איר ליגט איר דריי־יאָריקער מאָטעלע; זיין קעפּל אויף איר שויס. פון איר אויסגעמאַטערט, אויסגעוויינט געזיכט קוקט אַרויס שיינקייט און יוגנט. זי ענדיקט פלעכטן אירע לאַנגע גאָלדיק־בלאָנדע האָר. פון צייט צו צייט בייגט זי זיך איבערן קינד און קושט אים אויפן קעפּעלע. זי רעדט מער פאַר זיך, ווי צום קינד.

קינד מיינס, ליכט מיינס... ווען דער טאַטע דיינער זאָל איצטער לעבן! קינד מיינס, ליכט מיינס!

(קושט אים לאַנג און שטיל.)

מאָטעלע: דער טאַטע ט'היינט ניש' קומען?

פּערל: ניין, מיין קינד.

מאָטעלע: דו ס'ניש' גיין צו אים?

פּערל: דיין מאַמע דאַרף איר שוועלבעלע היטן. אויף דיין מאַמען וועט גאָט רחמנות האָבן. צוליב דיר, מיין ליכט, וועט ער דיין מאַמען אויף דער ערד לאָזן.

מאָטעלע (הייבט זיך אונטער און קושט די מוטער): האָב איך דיך טאַקע ליב.

פּערל: ווי ט'מען גערופן דיין טאַטן?

מאָטעלע: מיין טאַטן רופט מען עוזר.

**פערל** (וויינט אין דער שטיל): **עוזר האָט מען גערופן דיין טאַטן. איצטער... וואָס איז מיין לעבן ווערט אָן דיר?**

**מאָטעלע** (פאַרדעקט זיין געזיכט): **וויינסט אויף מיין פנים, מאַמע.**

**פערל: קינד מיינס, ליכט מיינס... נו שאַ — דיין מאַמע וועט שוין מער נישט וויינען. באַרעלע, דו וויין נישט. דיין מאַמע וועט דאָך פאַר דיר איר גאַנץ לעבן אָפּגעבן. זי וויינט, אַז דער וואָס אין הימל זאָל זי לעבן איר שוועלבעלע לאָזן.**

**מאָטעלע: איך נאָר געלאַכט. איך טאָקע ניש׳ געוואָלט וויינען. גיב, איך דיר קעמען דיין קאָפּ.**

**פערל: קינד מיינס, ליכט מיינס, ס׳איז שוין באַלד נישטאָ וואָס צו קעמען. אַלץ איז אַוועק מיטן רויך.**

**מאָטעלע: איך וויל עסן.**

**פערל: ווילסט עסן?... ווילסט עסן — באַלד וועט די מאַמע קאָכן פאַר איר קינד צום עסן.**

**מאָטעלע: וואָס דו קאָכן?**

**פערל: וואָס איך קאָכן?... קום, מיין קינד, לאָמיר זען, וואָס אין קופערט איז פאַראַנען... וואָס איך וועל קאָכן, מיין קינד...**

(זי עפנט אויף אַ קופערט, וואָס שטייט ניט ווייט פון איר געלעגער.)

**מאָטעלע: איך באַלד אַריינקריכן אין קופערט, און דו פאַרמאַך.**

**פערל: זעסט, מיין קינד? ס׳איז דיין טאַטנס נייער אַנצוג. קיינמאָל וועט ער עס שוין נישט אָנטאָן.**

**מאָטעלע: איך ווערן גרויס, איך אָנטאָן.**

**פערל: גאָט ווייס, גאָט ווייס.** (זי בינדט עס איין אין ליילעך.) **פאַר דעם וועט די מאַמע עסן קריגן פאַר איר קינד.** (זי נעמט אַרויס פון קופערט אַ לאַנגן דאַמען־מאַנטל פון שוואַרצן שטאָף, ניט פאַרענדיקט, נאָך מיט די ווייסע פאַרסטריגעס.)

**מאָטעלע: וואָס אי׳ דאָס, מאַמע?**

**פערל: דיין טאַטע פאַר דער מאַמען אַ מאַנטל גענייט אַליין מיט זיינע הענט שפּעט אין דער נאַכט, פון שלאָף געפּאַלן, און פאַר דער מאַמען אַ מאַנטל גענייט.** (באַקוקט די ווייסע פאַרסטריגעס.) **זיינע גילדערנע הענט... איצטער פוילן זיי ערגעץ.** (זי מעסט אָן דעם מאַנטל, ער גרייכט

ביז צו אירע טריט. זי באַקומט פאַרוויקלט סאַמעט, וואָס איז געווען אויף אַ קראַגן גרייט, און מעסט אָן אויף אירע אַקסלען. נעמט אַרויס פון קופערט שוואַרצע געשטיקטע באַפּוצונג און שפּילט צו אויף די אַרבל מאַנדזשעטן. זי באַפּוצט מיט אַ טייל פון דעם די ברוסט. אַ ווײַלע בלײַבט זי אַזוי שטיין אין מיטן שטוב.) זעסט, מײַן קינד? אַזוי האָט געוואָלט דײַן טאַטע די מאַמען אויספּוצן און שבת מיט איר גיין שפּאַצירן, און איצטער...

**סענדער** (קומט אַרײַן.)

**פּערל** (בלײַבט אין פאַרלעגנהייט.)

**מאָטעלע** (לויפט אים אַנטקעגן): **טאַקע דער טאַטע געגייט.**

**סענדער: וואָס קוקט איר מיך אָן אַזוי פאַרוואונדערט?... ווי איר וואָלט מיך צום ערשטן מאָל זען.**

**פּערל** (גייט צום פענצטער, ווענדט אָפּ איר געזיכט. שווייגט.)

**סענדער** (נעמט מאָטעלען אויפן האַנט): **דו האָסט עס געמאַכט, דײַן מאַמע זאָל וויינען, יונגאַטש אײנער?**

(ער קושט אים.)

**מאָטעלע: איך ניש' געמאַכט די מאַמע וויינען.**

**סענדער: ווער דען?**

**מאָטעלע: זי וויינט, דער טאַטע געשטאָרבן טאַקע.**

**סענדער: פּערל...**

**פּערל: איר האָט נישט געטאָרט קומען אַהער.**

**סענדער: מיר זענען שכנים. איר ווייסט עס. איך וויל אַ לעבעדיקן מענטשן זען. וואָס קומט מיר דערפאַר?**

**פּערל: און אויף יענער זייט וואַנט... — האָט גאָט אין האַרצן!**

**סענדער: זעט, וואָס איר מאַכט פון זיך! ווי אַ שאָטן זעט איר דאָך אויס.**

**פּערל: איך ווייס אַליין נישט, וואָס מיט מיר איז. ערשט איצטער האָב איך דערפילט, אַז איך בין נאָך עלנדער ווי מאָטעלע. איך בין דאָך נאָך אַפילו קיין צוויי און צוואַנציק יאָר נישט אַלט.**

**סענדער: טוט אויס פון זיך דעם מאַנטל. איך וועל אָפּגעבן צו אַ שניידער, ער זאָל עס ענדיקן.**

**פּערל: ניין, ניין!**

**סענדער:** וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן?

**פּערל:** צו פרי. ער שטייט נאָך פאַר מיינע אויגן. צי קאָן איך גאָר פון אַזעלכעס טראַכטן? איך וועל עס היינט אַוועקטראָגן פאַרזעצן.

**סענדער:** איר פאַרשטייט...

**פּערל:** רעדט נישט, רעדט נישט. איך זע אַלץ, וואָס אויף יענער זייט וואַנט טוט זיך. איר זענט פריער קיינמאָל אַזוי נישט געקומען.

**סענדער:** יאָ, טאַקע אמת, אָבער...

**פּערל:** שווייגט אַ ווײַלע. מאַכט אויף אַ רגע צו די אויגן, וועט איר נאָך דאָ הערן זיין קול... דאָ אין שטוב איז נאָך זיין קול געבליבן. און איר האָט גאָט אין האַרצן! איר האָט אויף אַ רגע פון אייער שוועל נישט געדאַרפט אַריבערטרעטן.

**סענדער:** איך בין געקומען אייך זאָגן, אַז איר באַדאַרפט פון דער שטוב אַרויס. איר זאָלט וואוינען ערגעץ אַנדערש.

**פּערל** (זי נעמט מאָטעלען אויפן האַנט, ווי זי וואָלט זיך וועלן באַשיצן.)

**סענדער:** וואָס קוקט איר מיך אַזוי דערשראָקן אָן? איך בין פריער צו אייך נישט געגאַנגען, ווייל... אָבער צוליב וואָס זאָל איך עס זאָגן? איר זענט דאָך קיין קינד נישט...

**פּערל:** האָט גאָט אין האַרצן! אייער ווייב ליגט אויפן טויטן בעט. עס קערט זיך מיר דער מוח אין קאָפּ איבער. וואָס ט׳איר געטאָן? ווי ט׳איר גאָר מיין שוועל איבערגעטראָטן?

**מאָטעלע** (הייבט אָן וויינען ביי דער מוטער אויפן האַנט.)

**פּערל:** איר זעט, ס׳קינד פאַרשטייט אויך וואָס איר האָט געטאָן.

**סענדער:** איך פאַרלאַנג פון אייך גאָרנישט.

**פּערל:** איך בעט אייך, גייט איצט אַרויס פון דאַנען.

**סענדער:** איך וועל עס נישט טאָן.

**פּערל** (פאַרלירט זיך): קינד קיינס, נעם שטאַרקער אַרום דיין מאַמען... איך וועל אפשר פון זינען אַראָפּ!

**סענדער** (גייט צו איר. רעדט מיט אַ ציטערדיקער שטים): הערט מיך אויס, איך...

**פּערל** (אין שרעק): אייער ווייב לעבט נאָך...

סענדער: איר באַדאַרפט עס נישט זאָגן. איר ווילט אַזוי לעבן, גלייך ווי איך, פּונקט ווי עוזר האָט געוואָלט לעבן.

פּערל: ניין, ניין...

סענדער: איר ווייסט אַליין, אַז איך בין אין איר קרענק נישט שולדיק.

פּערל: זי לעבט דאָך אָבער. און אפשר גייט זי איצטער אויס, און קיינער שטייט ביי איר בעט נישט... לאָמיר בעסער ביידע צו איר גיין... איך וועל בעסער צו איר גיין...

סענדער: איר וועט עס נישט טאָן, פּערל!... איך וויל נישט, איר זאָלט זי זען... ניין, איר וועט נישט גיין. שוין באַלד אַ יאָר, אַז איך שטיי לעבן איר טויטן־בעט. אויף מיר איז אַ שרעק אָנגעפאַלן. איך ווייס שוין אַליין נישט, ווער עס באַדאַרף שטאַרבן, אויף וועמען דער טויט וואַרט.

פּערל: איר האָט דאָך זי ליב געהאַט.

סענדער: איר ווייסט דאָך, פּערל, אַז איך האָב זי ווי ס׳לעבן ליב געהאַט. אָבער איך קען שוין נישט מער... איך קאָן דאָך איר געזונט צוריק נישט אומקערן. אָט ווי איר קאָנט עוזרן פון דער ערד צוריק נישט ברענגען אַ לעבעדיקן... וואָס קוקט איר מיך אָן אַזוי מיט חשד?... איך וויל האַרעווען פאַר אַ געזונטן מענטשן. איך פאַרלאַנג פון אייך גאָרנישט. לאָזט מיר פאַר אייך מיט אייער קינד פראַצעווען... איר הונגערט דאָ אַלע; איך בין דאָך אַ מענטש מיט אַ האַרץ. ווען איך קאָן מאַכן, איר זאָלט נישט הונגערן...

פּערל: דאָס וועט נישט זיין. (פאַרדעקט דאָס געזיכט.) איך טאָר נישט, איך טאָר נישט. איז מיר באַשערט אויסצוגיין מיט מיין קינד פון הונגער — וועל איך. גייט אַ היים... אייער ווייב איז אַליין. (צום קינד, וואָס איז איינגעשלאָפן אויף איר האַנט.) שלאָפסט און ווילסט גאָר נישט וויסן, ווי דיין מאַמע פּלאָגט זיך. נו, סענדער, איר זענט נאָך אַלץ דאָ? אויב נישט אויף זיך — טאָ האָט אויף מיר מיט מיין קינד רחמנות.

(לייגט דאָס קינד אויפן בעט.)

סענדער (גייט צו איר, נעמט איר האַנט.)

פּערל: טוט עס נישט.

סענדער: מיר זענען דאָך דערוואַקסענע מענטשן.

פּערל (שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.)

**סענדער: מיר זענען שכנים. אפשר האָט עס באַדאַרפט אַזוי זיין, אפשר איז אונדזער ביידנס מזל אַזוי געווען, אַז עוזר זאָל שטאַרבן. אָט, טוט אויס דעם מאַנטל מיט די פּאַרסטריגעס. רעדט איין וואָרט! איך וויל, אַז איר זאָלט מיר כאָטש איין צייכן געבן, אַז איר וועט וואַרטן אויף מיר. איך וועל מער נישט רעדן פון דעם. איך וויל מער נישט, אַז ווען איך אַרבעט, זאָל איך וויסן, אַז פאַר אַ לעבעדיקן מענטשן טו איך עס. וועל איך כּוח האָבן אַזאַ יאָך אויף מיינע פּלייצעס צו טראָגן. פּערל, איך בעט אייך.**

פּערל (גייט איבער צום קינד און באַהאַלט לעבן אים איר קאָפּ.)

**סענדער: איר פאַרשטייט דאָך מיך. איר ווייסט אַלץ. און אויב איך באַגיי אַ זינד — ווייסט גאָט אין הימל, אַז איך בין נישט שולדיק.**

פּערל (הייבט אויף איר קאָפּ און קוקט אים שטום אָן.)

**סענדער** (זעצט זיך לעבן איר): **איך בין געזונט און שטאַרק. איר זענט געזונט און שיין. אָט באַקוקט מיינע הענט. שטאַרקע הענט, און אַזוי עלנט בין איך.** (דורך טרערן.) **איך בין עלנט, ווי איר, ווי אייער קינד. האָט אויף אים רחמנות און...**

(זיין קאָפּ פאַלט אויף איר ברוסט.)

פּערל (הילפלאָז. ווערט זיך ניט. קוקט זיך אַרום פאַרווירנט, ווי פון די שטומע ווענט וואָלט זי הילף זוכן. זי הייבט אָן פלוצלונג וויינען אויפן הויכן קול.)

**סענדער: ניין, טוט עס נישט. כ׳בעט אייך, פּערל, הערט אויף. ס׳איז איבער מיינע כּוחות.**

(ער קושט איר אויפן קאָפּ. זי ווערט זיך ניט.)

פּערל (כליפּעט): **עלנט און פון גאָט פאַרשאָלטן...**

**סענדער: ניין. איר זענט ניט פאַרשאָלטן. איך בין עלנט, אָבער ניט איר.**

(ער קושט לאַנג אירע הענט. זי ווערט זיך ניט.)

(אין דער צייט הייבן זיך אָן צו הערן שוואַכע טריט הינטער דער טיר. ביידע גלייכן זיך אויס, אויפן בעט זיצנדיק, און קוקן צום טיר, ווי עפּעס אומהיימלעכס וואָלטן זיי דערוואַרטן. די טיר עפנט זיך, און

ס׳באַוויזט זיך מלכּה. איר יונג פּנים איז האַלב טויט. די האָר אין אומאָרדענונג, אַ טוך אויף די אַקסלען, און אויף די פיס שטעקשיך. זי בלייבט אויפן שוועל מיד, אַנגעשפּאַרט אָן בײַשטידל. זי קוקט שטום צו סענדערן און פּערלען, וועלכע בלײַבן אַ ווײַלע אינגאַנצן ערשטוינט.)

**פּערל** (לויפט פּלוצלונג צום געלעגער, וואו דער אַלטער גדליה שלאָפט, און הייבט אים אָן וועקן): **שטייט אויף, שווער, איך האָב מורא!**

**גדליה: האַ, וואָס?**

מלכּה (קוים וואָס זי רעדט): **האָב קיין מורא נישט, פּערל...**

**גדילה** (זעצט זיך): **וואָס איז דאָ?**

**פּערל: גאָטעניו, איך האָב מורא!** (וועקט מאָטלען.) **מאָטעלע, שטיי אויף...**

**סענדער: מלכּה, ווי קומסטו אַהער?...**

**מלכּה: ביסט נישט שולדיק, פּערל... כ׳ווייס.**

**סענדער: איך בין שולדיק, איך.**

**מלכּה: דו אויך נישט. איר מעגט, כ׳ווייס, איר ווילט לעבן... איר מעגט...**

**גדליה** (קריכט אַראָפּ פון געלעגער, רייבט די אויגן): **ווער איז עס? מלכּה? ביסט שוין געזונט געוואָרן?**

**פּערל: זייט מיר מוחל, מלכּה. איין גאָט אין הימל ווייסט, אַז איך בין נישט שולדיק. אָט, זעט, אויף מיר איז דער מאַנטל, וואָס עוזר האָט נאָך געענייט. מיין האַרץ איז ריין.**

**מלכּה: כ׳ווייס... כ׳ווייס... נישט וויין, כ׳ווייס...**

**סענדער** (גייט צו מלכּהן. ער נעמט זי אַרום און דריקט איר קאָפּ צו זיין ברוסט. וויל זי פון שוועל צונעמען.)

**מלכּה** (שטרעקט אויס אירע הענט, ווי זי וואָלט אים וועלן פעסט אַרומנעמען. אירע כּוחות פאַרלאָזן זי אָבער. אירע פיס ברעכן זיך אונטער, און זי הייבט זיך אָן אַראָפּלאָזן אויף דער ערד.)

**סענדער: מלכּה...**

**פּערל** (פאַלט צו אירע פיס): **זייט מיר מוחל!... מאָטעלע, קום צו מיר... האָט רחמנות אויף מיין קינד!**

**סענדער** (לייגט מלכהן אויפן געלעגער.)

**גדליה** (גייט צו, באַטראַכט זי) : **איך וועל גיין מענטשן רופן.**

**סענדער** (נעמט מאַטעלען אויפן האַנט און הייבט אָן וויינען אויפן הויכן קול.)

**פערל** (גראָבט איין איר קאָפּ אויפן טויטנס געלעגער. איר גאַנצער קערפּער ציטערט פון געוויין.)

**1913.**

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

אלחנן.

נעמי.

בעלא, עלטערע טאָכטער.

רבקה, יינגערע טאָכטער.

נחמיה.

אַ גרויסער צימער שיין געמעבלירט. לינקס צוויי פענצטער, קוקן אַריין אין אַ גאָרטן. לעבן זיי אַ סאָפע. אַנטקעגן אַ טיר אין אַ צווייטן צימער. פאַרנאַכט.

בעלא (ליגט אויף דער סאָפע. קוקט זיך אום יעדער ווײַלע אומ־רואיק.)

נעמי (עפנט די טיר, קומט אַרײַן.)

בעלא (שפרינגט אויף דערשראָקן): ווער איז עס?! דאָס ביסטו מאַמע?

נעמי: ווידער ביסטו אַליין; וואָס בלייבסטו רק אַליין אין שטוב?...

בעלא: כ׳האָב זיך אַזוי דערשראָקן.

נעמי: אָבער וואָס בלייבסטו רק אַליין? וואו איז רבקה?

בעלא: איך בין ניט אַליין; איך בין ניט אַליין. (באַווייזט צו דער טיר אַנטקעגן.) איך הער זיך צו צו יעדער טריט אין יענעם צימער... ווען איך הער נאָר זיינע טריט, שפיר איך זיך שוין ניט אַליין.

נעמי (פאַרזאָרגט): דער זיידע איז דאָרט?

בעלא: דער זיידע איז דאָרט. איך הער, ווי זיכער און שטאָלץ איז זיין טריט, ער שפירט גאָר ניט, וואָס אַרום אים איז.

נעמי: טאָכטער מיינע, ניט מאַך מיר גרעסער דעם טרויער מיינעם. גענוג האָט מיך שוין דער וואָס אין הימל באַשטראָפט. איך האָב שוין ניט קיין טרערן צו באַוויינען דאָס אומגליק.

בעלא: וואו איז רבקה? וואָס זעט מען זי ניט דעם גאַנצן טאָג? זי גייט אום אַליין הינטערן שטאָט. ס׳איז שוין באַלד נאַכט — און זי איז נאָך נישטאָ.

נעמי: פאַר איר שרעקט מיר גאָר דאָס האַרץ. ביינאַכט האָב איך געהערט, ווי זי האָט געלאַכט פון שלאָף — אָבער שטאַרק געלאַכט, כ׳האָב זיך דערשראָקן.

בעלאַ (קוקט זיך אַרום צעשטרייט): ביינאַכט האָט זי געלאַכט. זי לאַכט שטענדיק. איר פּנים לאַכט אַליין, אירע אויגן לאַכן אויך.

נעמי: קום, טאָכטער מיינע, אין גאָרטן. וועסט זיך אַביסל אָפּ־פרישן.

בעלאַ: נחמיה איז גאָר היינט ניט געווען? האָסט אים גאָר ניט... נחמיה איז... זעץ זיך נעענטער צו מיר, מאַמע. כ׳האָב געמיינט, אַז ער וועט קומען. עס שוועבט וואָס אַרום אין אַלע ווינקעלעך. ווען איך גיי אַרום, ווען איך ליג און האַלט אַפילו פעסט פאַרמאַכט די אויגן, זע איך שטענדיק איינס. דער זיידע גייט זיכער אום, און נאָך אים שפּאַצירט נאָך עפּעס איינער מיט טויזנטער אויגן, און זיינע גלידער קנאַקן אַ ביין אין אַ ביין.

נעמי: וואָס איז מיט דיר, טאָכטער מיינע?! וואָס זעסטו?

בעלאַ: מיר דאַכט זיך, אַז יעדע נאַכט לאָזט זיך אַראָפּ אַ גרויסער, שוואַרצער פליגל איבער אונדזער שטוב... איך זע יעדע נאַכט... מאַמע! וואו איז מיין שוועסטער? פאַרוואָס האָסטו מיין שוועסטער רואיקייט געשיינקט?

נעמי: אונטער איין האַרצן האָב איך אייךביידן אויסגעטראָגן; פון איין מילך האָט איר ביידע געזויגן... קום, מיין קינד.

בעלאַ: איך קען דעם זיידן אַליין ניט לאָזן.

נעמי: קום מיט מיר.

(גייען אַרויס.)

נחמיה (קומט אַריין. קלאַפּט אין טיר אַנטקעגן.)

אלחנן (עפנט די טיר): ווער קלאַפּט עס? אַך, נחמיה! איר זענט עס. כ׳האָב שוין היינט געטראַכט וועגן אייך. איז גאָר קיינער אין שטוב ניט געווען? איך האָב געמיינט, אַז רבקה איז אין שטוב. כ׳האָב געמיינט, אַז זי שטייט הינטער דער טיר און הערט זיך צו... אַלץ גייט איבער בירושה: קינדווייז פלעג איך האַלט האָבן שטיין הינטער דער טיר און צוהערן זיך, וואָס מען רעדט... איז גאָר קיינער ניטאָ?

נחמיה: פון ווייטן, דאַכט מיר, האָב איך געזען בעלאַן מיט איר מוטער. זיי זענען אין גאָרטן געגאַנגען.

אלחנן: זייער גוט. איך היט זיך פון זיי. ווייבער מאַכן דעם טרויער נאָך גרעסער. זיי האָבן מיר מיין קאָפּ מיט טרערן נאַס געמאַכט. — וואו איז רבקה?

נחמיה: איך האָב זי ניט געזען.

אלחנן: דאָס איז נאָך דער איינציקער קוואַל פון אונדזער לעבן. (קלאַפּט נחמיהן איבערן פּלייצע.) נו, דערציילט מיר וואָס!

נחמיה: וואָס קען איך אַזוינס דערציילן, אַז ס'זאָל זיין פּאַסנד פאַר אייך?

אלחנן: אַלץ איז פּאַסנד פאַר מיר... כ'האָב אַלץ אין מיין לעבן איבערגעלעבט. — נאָר שווער איז צו טראָגן יוגנט אין קבר אַריין... (זעצט זיך אויפן דיוואַן, קלערט אַ ווײַלע.) יאָ, איר זענט נאָך יונג — זאָגט מיר, וואָס פילט אַ יונג האַרץ?

נחמיה: עס האָפט, עס לעבט — אויב האָפענונג און לעבן איז אין דעם פאַראַן.

אלחנן: אויב לעבן איז אין דעם פאַראַן. מהום... אין מיין שטוב איז געשען, אייגנטלעך, אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך: מיין זון איז ביי מיר געשטאָרבן. ס'האָט געמוזט אַזוי זיין: נאָר הינטער אַרום האָט זיך ווער אין מיין שטוב אַריינגעגנבעט. ניט גאַנץ רואיק איז דאָ אַרום. יאָ, נחמיה; שווער צו טראָגן מיט זיך סודות אין קבר אַריין.

נחמיה: רבקה איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען?

אלחנן: די פעלדער זענען שוין אָפּגעשניטן, יאָ? די גאַרבן אויך אַראָפּגעפירט? עס גיסט רעגנס, און די פעלדער מוזן שוין געוויס זיין שוואַרץ. שוואַרץ געוואָרן. געוויס האָט געמוזט בלייבן גאַרבן אונטערן רעגן. שטייען שוואַרץ. וועלן שוין צעפוילט ווערן.

נחמיה: עס גייט גאָר קיין רעגן ניט. היינט איז זייער שיין.

אלחנן: צווישן די שוואַרצע פעלדער קריכן אַרום שוואַרצע קראָען און שרייען.

נחמיה: איך האָב ליב צו זיין אין פעלד אין אַ הייסן זומערטאָג.

די שניטער און שניטערינס קלייבן זיך צונויף אין איין בינטל און זינגען און שטיפן.

אלחנן: ווער קלאַפּט עס אין מיין וואַנט!? מען קלאַפּט... וואָס קוקט איר מיר אַזוי אָן, נחמיה?

נחמיה: איך קוק, ווי עס שפּילט נאָך די יוגנט אין אייערע אויגן.

אלחנן (זיין קול ציטערט): שטיל און רואיק בין איך ביי מיין מאַמען אין שויס געזעסן: געלייגט מיין קאָפּ אויף איר ברוסט. פון אַפּענעם פענצטער האָט אַ ווינט געטראָגן און געגלעט מיין געזיכט. יאָ, דאָס האָט דער שטורעם־ווינט זיין יינגערן ברודער, צו מיר געשיקט. דאָס האַרץ מיינס האָט געציטערט. שטאַרק געציטערט. יאָ, נחמיה. איך האָב געהערט אַז איר רעכנט אין וועג אַריין זיך לאָזן?

נחמיה: ס׳ווילט זיך ניט שלאָפן דעם גאַנצן לעבן אויף דעם אָרט, וואו מיין קבר דאַרף זיין. אַ מענטש דאַרף יעדן טאָג אויף דאָס ניי געבוירן ווערן?

אלחנן: אַ שטורעם האָט זיך אין מיין שטוב אַריינגעריסן. ס׳ברעכט זיך, ס׳ברעכט זיך אַלץ וואָס ס׳איז פאַרפלאָנצט געווען... ס׳קלייבט זיך ניט אויף אַ רעגן?

נחמיה: די זון שיינט.

אלחנן: וואָס, דו זאָגסט עפּעס?

נחמיה: איך זאָג, אַז איר זענט נאָך מונטער און פריש, ווי אין דער יוגנט.

אלחנן: מערקווירדיק! מיינע מיטעלע יאָרן זענען פון מיר אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן און קינדערשע נאַרישקייטן שווימען פאַר מיר אַרויס. איך בין קינדווייז אַ בעל־פּחדן געווען. אונדזער שטוב איז אויף אַ הויכן אָרט געשטאַנען, ס׳פלעגט זיך זען די גאַנצע געגנט אַרום. דער טייך, וואָס איז ניט וויט דורכגעגאַנגען, האָט זיך יעדע ווינטער אין אַ ווערעם פאַרמאַכט... וואָסענע צעגאָסן, און די גאַנצע געגנט איז געשטאַנען אין וואַסער. און שוואַרצע, אַן בלעטער, פלעגן שטיין די ביימער ביז העלפט אין וואַסער, און פאָכען מיט די נאַקעטע צווייגן... האָב איך מורא געהאַט ביינאַכט אַליין צו שלאָפן. מיר פלעגט זיך אויסדאַכטן, אַז די ביימער הייבן זיך אָן ביינאַכט צו באַוועגן און וואַנדערן אום איבער

די בלאָטעס... ס׳וועֶרט פינצטער. כ׳וועל מיינע קינדער גיין זוכן. קינדער מיינע, קינדער מיינע! וואָס האָט איר מיך איבער־געלאָזן?

נחמיה: איר זענט ניט אַליין.

אלחנן: כ׳האָב זיך גאָר פאַרפּלוידערט. כ׳האָב זיך גאָר פאַר־פּלוידערט. איך וועל גיין צו מיינע קינדער.

(גייט אַרויס פון שטוב.)

נחמיה (בלייבט אַליין זיצן אויפן סאָפע.)

רבקה (קומט אַריין, וואַרפט זיך נחמיהן אויפן האַלדז): ביסט דאָ! זאָג, וואָס האָסטו זיך אַזוי געשפּעטיקט? כ׳האָב שוין קיין כּוח ניט געהאַט צו וואַרטן אויף דיר. איך וויל לעבן — און דאָ — אמתע טויט־שרעק. קיינער ניטאָ?

נחמיה: כ׳האָב מיטן אַלטן פאַרבראַכט. זיינע אויגן בלאָנדזשען אַרום דערשראָקן.

רבקה: בעלאַ איז אויך ניטאָ?

נחמיה: ניטאָ.

רבקה: זי ווייס גאָר ניט, אַז דו ביסט דאָ?

נחמיה: זיי מוזן אַלע אין גאָרטן זיין.

רבקה: דער זיידע איז אויך ניטאָ?

נחמיה: ניטאָ.

רבקה: און די מוטער?

נחמיה: זי מוז היטן בעלאָן, זי זאָל זיך ניט שרעקן.

רבקה (שיט אויס פון שירץ אַ באַרג פאַרשידענע בלומען): זע, וואָס בלומען איך האָב געבראַכט! איך בין היינטערן שטאָט געווען. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט שוין דאָ. כ׳האָב זיי אַלע פאַר דיר געריסן. די גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געקענט אַן אויג פאַרמאַכן. כ׳האָב זיך קוים ביז פרימאָרגן דערוואַרט, איך זאָל קענען פאַר דיר פרישע בלומען קלייבן. די מוטער האָט מיך ניט געלאָזט גיין, איך האָב זיך אַרויסגעגנבעט — זע, ווי שיין דאָס איז!

נחמיה: ווייז, איך וועל דיר זיי אין דיינע לאָקן איינפלעכטן.

רבקה: כ׳האָב מורא פאַר דער שוועסטער. זי וועט זען ביי מיר

בלומען אויפן קאָפּ. זי וועט פאַרשטיין, אַז כ׳האָב זיי אויפן בית־עולם צווישן די קברים געריסן... הערסט, נחמיה, וואָס ביינאַכט איז געווען? די מאַמע האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. איך האָב געדרעמלט, נאָר די אויגן זענען ביי מיר געווען אָפן. אין גאַנצן אָפן. און איך הער: עס עפנט זיך די טיר; און דערנאָך שטילע, גאָר שטילע טריט, קינדערשע טריט. און איך זע, מיין פּופּע, וואָס כ׳פלעג זיך מיט איר שטענדיק שפּילן, גייט אום איבערן שטוב. אָבער אַזוי שיין! די בלאָנדע לאָקן אירע צעוואָרפן אויפן שטערן. כ׳האָב זיך שטאַרק צעלאַכט, — אָבער שטאַרק געלאַכט!

נחמיה: וואָס האָסטו געלאַכט?

רבקה: ס׳האָט ווי אַ קליין מלאכל אויסגעזען. כ׳האָב אויסגעצויגן די הענט און געוואָלט עס אַ כאַפּ טאָן און אויפן געלעגער אַרויפנעמען. און כ׳האָב זיך פאַר מיין אייגענער נאָז געכאַפּט, כ׳האָב אַזוי פיל געלאַכט, אַז כ׳האָב שוין ניט געקענט אויסהאַלטן, איצטער ביסטו דאָ — אָט האָסטו דיר!

(שיט אים אָן מיט בלומען.)

נחמיה: וואו האָסטו זיי געריסן?

רבקה: כ׳זאָג דאָך דיר, אַז כ׳האָב זיי אויפן בית עולם געריסן. כ׳האָב מורא: זיי קענען זיך נאָך אין שטוב דערוויסן, אַז כ׳האָב זיי אויפן בית־עולם געריסן.

נחמיה: גייסט אויך אויפן בית־עולם?

רבקה: נאַרעלע! איך קלייב דאָרט נאָר די בלומען. די שענסטע בלומען וואַקסן אויפן בית־עולם. זאָג מיר, נחמיה, ווער פאַרזייט עס דאָרט אַזוי פיל בלומען?

נחמיה: דאָס זענען שיינע געדאַנקען, וואָס מען האָט דאָרט לעבעדיקערהייט באַגראָבן — איז פון זיי שיינע בלומען אויסגעוואַקסן.

רבקה: אַך, ווי וואונדערלעך! כ׳האָב עס גאָר קיין מאָל ניט געוואוסט. (קושט אים.) אַלץ דערציילסטו מיר, אַלץ דערציילסטו מיר... רויזן רויטע וואַקסן דאָרט אויך.

נחמיה: און גאַנצע בלומען־שטרויסן האָסטו געזען?

רבקה: ניין.

נחמיה: אויף אַן אַנדער אָרט וואַקסט אויס אַ גרויסער שטרויס מיט אַלערליי בלומען.

רבקה: כ'האָב עס יאָ געזען — און אפשר האָב איך עס ניט געזען — וואָס באַטייט עס?

נחמיה: דאָס איז אַ צייכן, אַז אויף יענעם אָרט האָט מען באַגראָבן אַ האַרץ, וואָס איז פול מיט ליבע געווען, מיט לעבן געשאָסן — איז אויף דעם אָרט אַ שטרויס בלומען אויסגעוואַקסן.

רבקה (פאַרוואונדערט): קען מען אַ לעבעדיק האַרץ אויך באַגראָבן?

נחמיה: יאָ, עס טרעפט.

רבקה (פאַרטראַכט זיך): אַך, מיין שוועסטער מוז אויך קיין האַרץ ניט האָבן. געשטאָרבן איר האַרץ. שוואַרצע פליגל — זאָגט זי, הענגען איבערן שטוב.

נחמיה: דו פלוידערסט אויך?

רבקה: ווען איך וואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ געדאַנק עס ליגט אין יעדן בלימעלע. זאָג, נחמיה, וואָס קען איצטער טראַכטן אָט דאָס בלויע בלימל? (שיט נחמיהן אָפּ מיט בלומען.) אָט האָב איך דיך מיט שיינע געדאַנקען אָפּגעשאָטן.

נחמיה: גיב, איך וועל אין דיינע אויגן קוקן און דיר אַ מעשה דערציילן.

רבקה: וועסט עס פון מיינע אויגן לייענען?

נחמיה: איך וועל זי פון דיין האַרץ שעפּן.

רבקה: קיינער איז ניטאָ?

נחמיה: קיינער איז ניטאָ!

רבקה: און טאָמער וועט ווער קומען?

נחמיה: ווער קען קומען?

רבקה: נו, איך וועל שוין מער ניט פרעגן.

(ס'ווערט פינצטערער.)

נחמיה (לייגט זיין קאָפּ אויף איר שולטער.)

רבקה: זע, מיר זיצן אין בלומען.

נחמיה: דו האָסט עס זיי געבראַכט.

רבקה: אויפן בית־עולם געריסן.

נחמיה: געדאַנקען געריסן. הייליק איז דאָס, וואָס ווערט אומ־שולדיק געטאָן.

רבקה: ווּעסטו מיר דערציילן?

נחמיה: עפן ברייט דיינע אויגן.

רבקה: גיב מיר דיין קאָפּ.

נחמיה: איז דיר ווייניק מיין האַרץ?

רבקה: לאַכסט?

נחמיה: ווייט, גאַר ווייט — דאָרט, וואו דער הימל לאָזט זיך איינגאַנצן אַראָפּ, דאָרט וואו די שטראַלן פון אונדזער זון קומען גאָר ניט צו, איז פאַראַן דאָס לאַנד פון ליבע און גלויבן.

רבקה: איז דאָרט פינצטער?

נחמיה: און דאָ איז פינצטער?

רבקה: ביי אונדז אין שטוב?

נחמיה: יאָ.

רבקה: נו, כ'וועל שוין מער ניט פרעגן!

נחמיה: און יענע מענטשן האָט גאָר אַן אַנדער גאָט באַשאַפן — ליבע און גלויבן זענען דאָרט די מושלים. אַנשטאָט אַ האַרץ האָט דאָרט יענער גאָט די מענטשן אַ זון געגעבן, וואָס שיט ליבע, גלויבן אויף אַלע וועגן, אויף אַלע שטעגן, וואו נאָר דער מענטש זאָל אַ פוס ניט שטעלן. יענער גאָט האָט דאָרט ביי די מענטשן אין די אויגן איינגע־פאַסט פלאַמען הייסע, ווי די ליבע אַליין. און די זונענהערצער בלאַנדזשען אום אין דעם וואונדער שיינעם לאַנד. און ווען דורך ליבע און הייסן גלויבן פרעסן, שליסן זיך ברוסט צו ברוסט און האַרץ צו האַרץ, ווערט ערשט דאָרטן דאָפּלט ליכטיק. עס שימערט, עס פינקלט דער גאַנצער געגנט אַרום. שטראַלן שיסן אויף טויזנטער מיילן. און די מענטשן פאַרשטייען דעמאָלט דאָרט, אַז דאָס האָט אַ האַרץ אַ האַרץ געפונען. און עס טרעפט, אַז די שטראַלן שלאָגן דורך דעם האַרטן הימל, זיי רייסן דורך די שווערע וואָלקן און טראָגן זיך אין די לופטן, ווי הייסע פיילן...

רבקה: פאַלן זיי אַמאָל צו אונדז אויף דער ערד אויך אַראָפּ?

נחמיה: עס טרעפט.

(שטיל.)

רבקה: איך וויל אין דײַנע אויגן קוקן.

נחמיה: ווילסט וואָס פון מיין האַרץ שעפּן?

רבקה: איך וויל דיר וואָס דערציילן.

נחמיה: פון ליבע און גלויבן?

רבקה: אָט וועל איך באַלד באַטראַכטן... פון בלומען — גוט? אַמאָל איז געווען אַ שטאָט. ניין — אַ דאָרף איז עס גאָר געווען! און לעבן דאָרף אַ הויכער באַרג, און לעבן באַרג אַ טיפער טאָל — גאָר אַ טיפער טאָל... ניט קיין מענטש און ניט קיין פויגל האָבן געוואוסט פון יענעם טאָל... ניין, פייגל האָבן יאָ געוואוסט! און פון הויכן באַרג האָט אַ קוואַל געשאָסן און פלעגט אין טאָל זיך אַראָפּקלייבן. און פון טאָל פלעגט זיך דאָס טייכל שטיל אַרויסשלענגלען און לויפן ווייט, ווייט, אַזש ביז דעם וועג אין דאָרף אַריין. אַמאָל, ביינאַכט, איז דורכ־געפלויגן אַ מלאך אין לופטן, און ער איז געווען באַהאַנגען מיט קליינע ריינע נשמהלעך פון קליינע ריינע קינדערלעך. דאָס האָט ער זיי אויפ־געקליבן פון אַלע, אַלע וויגעלעך. געטראָגן האָט ער זיי אין בלויען הימל אַריין אויף איבער נאַכט. און ווען דער מלאך איז געווען איבער יענעם שטילן טאָל, זענען צוויי קלייניקע פאַרשלאָפענע נשמהלעך פון דעם מלאכס פליגעלעך אַראָפּגעפאַלן גלייך, גלייך אין טאָל אַריין. און דער מלאך האָט עס גאָר ניט געשפּירט; ער איז גלייך צום הימל אַוועקגעפלויגן און אין טאָל ביים טייכל זענען געוואַקסן צוויי ווייסע, שניי־ווייסע, שלאַנקע ליליען. זענען די צוויי נשמהלעך אין די בעכער פון די צוויי ליליען אַריינגעפאַלן. די נאַכט האָט זיי פאַרשלעפערט. באַגינען, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען איז אויף זיי שטראַלן־ליכט געפאַלן און זיי האָבן זיך אויפגעוואַכט. און איין נשמה האָט ניט ווייט פון זיך אַ צווייטע דערשפּירט. און ווען ס'איז געוואָרן אַ ווינטל, האָט זיך געבויגן איין ליליע צו דער צווייטער און איין נשמה האָט די צווייטע געקושט.

(שטיל.)

נחמיה: גיב מיר דײַנע אויגן.

רבקה: וועסט מיר וואָס דערציילן?

נחמיה: איך וויל אין זיי יענעם טאָל געפינען.

רבקה: אין די צווי נשמהלעך?

נחמיה: יענעם פרישן קוואַל.

רבקה: גיב מיר דיינע אויגן.

נחמיה: דו ווילסט וואָס דערציילן?

רבקה: איך וויל יענעם לאַנד געפינען.

נחמיה: ווילסט דאָרט יענע מענטשן זען?

רבקה: איך וויל דאָרט יענע הערצער געפינען... ש־ש־ש! מען גייט!

נחמיה: זיי לאָזן זיך שוין מיטן טרויער זייערן.

רבקה: בעלאָס קול הער איך, דאָס איז זי.

נחמיה: לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען. לאָמיר דורכן פענצטער אַרויסקריכן.

רבקה: לאָמיר אַרויסגיין דורכן פענצטער אין גאָרטן אַריין. מיר וועלן זיך צווישן די געדיכטע עפּל־ביימער באַהאַלטן. נעם די בלומען מיט.

נחמיה: קום, מיר וועלן דאָרט פרישע בלומען רייסן.

(קריכן אַרויס דורכן פענצטער.)

אלחנן (קומט אַריין): נחמיה! נחמיה! ער איז ניטאָ?

בעלאַ (קומט אַריין. וואַרפט זיך דעם אַלטן אין די אָרעמס): זיידע! זיידע! באַשיץ מיך. שוואַרצע פליגל לאָזן זיך אַראָפּ איבער אונדזער שטוב. איך האָב אים געזען לעבן אונדזער שטוב... ער גייט אום און זיינע גלידער קנאַקן אַ ביין אין אַ ביין. זיידע, וואָס שווייגסטו? זאָג כאָטש איין וואָרט. איך שטאַרב פון שרעק.

אלחנן (שעפּטשעט): מען קלאַפּט.

בעלאַ: רבקה! וואו איז רבקה? ווער האָט דאָ בלומען גע־בראַכט?

אלחנן: ס'ברעכט זיך מיין האַרץ, אַלץ ברעכט זיך דאָרטן. דער שטורעם האָט זיך אַהין אַריינגעריסן. ווער קלאַפּט עס אין מיינע ווענט?

**בעלא** (טוליעט זיך צום אַלטן אין שרעק): **אַט גייט ער... אַט גייט ער...**

(ס׳ווערט פינצטער. זיי בלייבן ביידע שטיין געאַרעמט. ציטערן פון שרעק. דורכן אָפענעם פענצטער טראָגט זיך פון גאָרטן נחמיהס און רבקהס געזאַנג, זיי זינגען אין צוויי שטימען:

**עס שלאָגט פון באַרג אַ זילבער־קוואַל**
**פאַר—פלייצט דעם טאָל, פאַר—פלייצט דעם טאָל**
**פאַר—פלייצט דעם טאָל!**

**וועלטן שיינע באַ—גראָבט דער מענטש**
**מיט זיי—נע הענט, מיט זיי—נע הענט,**
**מיט זיי—נע הענט!**

1906.

# פראָסט־בלומען

שלום עליכם ז"ל,
זיין ליכטיקן אָנדענק.

## פערזאָנען:

מאיר חיים.

חנה.

עטל, זייער טאָכטער.

באָבע פערל, מאיר חיימס מאַמע.

מוטער.

פערל, איר טאָכטער.

פנחס.

שרה.

יוסל-בער.

מאַכלע.

נחמן.

סאָסיע.

שמחה.

אַ ייד.

ווינטער. אַ שטוב. אַליין ביים וועג. שבת־צונאַכטס. יידישלעך־
דאָרפיש שיין אויפגערוימט.

**עטל** (האַלט הויך די אָנגעצונדענע הבדלה. שפּיגלט זיך אין דעם הבדלה־פלאַם.)

**מאיר חיים** (דערלאַנגט דעם אָפּגעטרונקענעם הבדלה־כּוס צו חנהן, וואָס האָט מיט אַ פרום פּנים זיך צוגעהערט צו דער הבדלה.)

**חנה** (טרינקט אָפּ אַביסעלע און דערלאַנגט דעם כּוס דער אַלטער. די אַלטע איז כּמעט בלינד. דערלאַנגט זי איר דעם כּוס צום סאַמע מויל, זאָגנדיק דערביי): זייט־זשע מוחל, שוויגער, פּאַמעלעך, איר וועט אויסגיסן.

**פּערל**: דער ווין איז געשטאַנען אין קעמערל. גאָר קאַלט.

**עטל**: אַ פראָסט און שניי דרויסן.

**מאיר חיים**: מיר'ן זען, וואָס דער ווינטער וועט זאָגן.

**חנה**: גאָט האָט געהאָלפן פאַראַיאָרן און ער וועט אונדז דאָס מאָל נישט פאַרלאָזן.

**מאיר חיים**: דו ברענסט אומזיסט אויס די הבדלה, עטעלע.

**עטל**: ס'פלאַקערט אַזוי שיין.

**פּערל**: אוי ווי איז מיר...

**עטל**: וואָס זיפצסטו, באָבע?

**פּערל**: חלילה, ווער זיפצט?

**מאיר חיים**: זיי־זשע מוחל, מאַמע, דו האָסט אָנגעטראָטן אויף שמות; הייב אויף די פיס, זיי־זשע מוחל.

**פּערל**: אָט אַזוי, אַז מען זעט נישט, ווי צו די זינדיקע טעג און יאָרן. מסתּמא פון סידור אַ בלעטל אַרויסגעפאַלן.

חנה: זיך גאַרנישט אַרומגעקוקט, ווי דער שבת איז אַוועק.

עטל: וואָס ט'מען איצטער טאָן?

חנה: זיך נעמען פאַר דער וואָך, מיין קינד. מען באַדאַרף אָנלייגן אַ פייער און עפּעס צושטעלן, מיין קינד.

פערל: גייט אַ שניי דרויסן?

חנה: וואָס איז דער חילוק? ווינטער. וועסט, מאיר חיים, אָנ־צינדן די לאָמטערנע און גיין מיט מיר אין שטאַל אַריין, אפשר וועט זיך נאָך אָנטשירקען אַביסל מילך.

פערל: געדאַרפט שוין פאַרלאָזן די בהמה. מען וועט שוין אי־בערקומען ווי ס'איז ביזן קעלבן.

חנה: כ'וועל זען, אפשר. מען באַדאַרף גלאַט אַזוי אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך אין שטאַל.

מאיר חיים (צינדט אָן אַ לאָמטערנע.)

עטל: נעם מיט, מאַמע, אַביסל זאַלץ, וועסטו איר אַריינשיטן אין צעבער אַריין. כ'האָב פאַרגאַכט געזען, אַז זי האָט איבערגע־לאָזן.

(מאיר חיים און חנה גייען אַרויס.)

עטל: אַט וועל איך טאַקע איינהייצן אין אויוון און וועל עס צו־שטעלן אַ טאָפּ וואַסער און דער פראָסט וועט עס באַלד נעמען קריכן פון פענצטער.

פערל: קריכט דער פראָסט אויפן פענצטער?

עטל: זיצט ווי אַ געשמידטער.

פערל: און איך, נאַר, האָב מיר די אויגן בלינד געמאַכט. אַז דער פראָסט פלעגט נעמען קלעטערן אויף די שויבן, האָב איך זיך נישט געקאָנט אָפּקוקן פון זיינע קווייטן. פונקט אַזעלכע קוויטן האָב איך אויסגענייט אויף מיינע חתונה־ציכלעך און אויף די האַנטעכער.

עטל (צעבלאָזנדיק דאָס פייער אין אויוון): נו, זענען זיי אַרויס־געקומען פונקט?

פערל: זאָל עס פאַרפעלן אַ האָר. אפשר צוליב דעם בלינד געוואָרן. דער זיידע מיינער, זאָל זיין אין גן עדן, האָט זיך געבייזערט, געזאָגט, אַז מען טאָר עס נישט טאָן. געזאָגט, אַז כ'וועל נאָך בלינד

ווערן — האָב איך מיך פון אים אויסבאַהאַלטן... ווער ווייסט, אפשר איז ער טאַקע געווען גערעכט.

עטל: אַז מען באַדאַרף ווערן בלינד, ווערט מען. אפשר אין דיינע יאָרן וועל איך אויך ווערן בלינד.

פערל: זאָל שוין גאָט בעסער אויסהיטן.

עטל: באַלד וועט עס ווערן וואַרעם אין שטוב!

פערל: פאַראַיאָרן, דאַכט זיך, האָב איך יאָ עפּעס געזען און איצטער ווי אַ וואַנט האָט זיך פאַר די אויגן אַראָפּגעלאָזן.

עטל: אַ שוואַרצע וואַנט?

פערל: אַ פינצטערע... פאַראַיאָרן איז נאָך גאָר אַזוי די קעלט נישט צוגעקומען צום לייב, און איצטער איז מיר נאָר די וואַרעמקייט ניחא.

עטל: באָבע, אַז דו ביסט געווען אַ מיידל ביסטו אויך געגאַנגען ווינטער באָרוועס אויפן שניי?

פערל: גאַנצע טעג.

עטל: קום צו נענטער צום פייער, אָט אַזוי. אַ שאָד, באָבע, וואָס דו זעסט נישט. וואָלסט זען ווי גרויס איך בין אויסגעוואַקסן פאַרן יאָר. אָט שטעל זיך, וועסטו זען.

(די אַלטע שטעלט זיך אויף, מעסטן זיך צו. די אַלטע טאַפּט עטלס קאָפּ.)

פערל: אַזוי איז דער ווילן פון דעם, וואָס לעבט אייביק... שוין אפשר מיט אַ קאָפּ העכער פון דער באָבען. געראָטן געווען אין דיר, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

עטל: נעכטן שטיי איך אַזוי ביים שטוב באָרוועסערהייט, איז דורכגעפאָרן אַ גוי אין אַ שליטן; קוקט ער זיך אַזוי איין אויף מיר און לאַכט זיך פאַנאַנדער. פרעג איך אים וואָס ער לאַכט? זאָגט ער מיר, אַז שוין צייט פאַר מיר חתונה צו האָבן. פרעג איך אים, פון וואַנען ווייסט ער עס? זאָגט ער: ער זעט, ווי דער שניי צעגייט אונטער מיינע פיס... כי־כאַ־כאַ...

פערל: בייג זיך אַראָפּ, וועל איך דיך אָפּבלאָזן.

(בלאָזט אָפּ עטלען און קושט זי אין ביידע באַקן.)

**עטל: אַנוואָרעמען דיר עפּעס צו עסן?**

**פּערל: שטעל צו וואַסער, אפשר וועט מען פאַרשיטן אַ גרויפּ.**

**עטל: איך וועל גאָר אַריינשטעלן אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפל.**

(פאַרנעמט זיך מיט דער אַרבעט.)

**פּערל: זיי זאַמען זיך אַזוי לאַנג אין שטאַל? אפשר וואָלסטו גיין אַ קוק טאָן?**

**עטל: אָט באַלד גיי איך, באָבע.**

**פּערל: וועסט מיר העלפן אַרויפקריכן אויפן אויוון, דאָרט איז וואַרעמער.**

**עטל: בעסער זיץ דאָ. אפשר וועט די מאַמע אַריינברענגען מילך; די קו וועט צולאָזן, וועל איך פאַר דיר אָפּבריען.**

**פּערל: ס'ציט מיך אַזוי דער שלאָף... כ'וועל גיין אויפן אויוון.**

(לאָזט זיך צום אַנדערן חדר.)

**עטל: דרויסן מוז זיין גאָר קאַלט איצטער.**

**פּערל: זאָלסט זיך אַרומוויקלען מיט דער פאַטשיילע.**

**עטל** (פירט די אַלטע ביים האַנט אין אַנדערן חדר אַריין. פון דאָרטן הערט זיך איר שטימע): **„אָט אַזוי, באָבע, שטעל אַ פוס אויפן בענקל... האַלט זיך אָן אין מיר... אָט אַזוי, רוק זיך אַרויף ווייטער, דאָרט איז וואַרעמער..."** (זי קומט אַרויס אָנגעטאָן אין אַ מאַנסבילשן פעלצל, וויקלט זיך נאָך אַרום מיט אַ פאַטשיילע. גייט אַרויס. אין אויוון קנאַקן די העלצער. אַ דרויסנדיקער שיין קומט אַרויס און צעשפּרייט זיך אויף דר'ערד. עמיצער קלאַפּט שטיל אין פענצטער.)

**פּערל** (מען הערט איר שטימע פון אויוון אַראָפּ): **ווער קלאַפּט עס דאָרט? עטעלע? מאיר חיים?**

(שטיל. פון אַנדערן חדר קומט אַריין אַ יונג מיידל אויפן דאָרפישן אופן אויסגעפּוצט; טראָגט אַ ליכטיקן לאָמפּ אין האַנט. מיט איר אַריינקומען ווערט ליכטיקער אין שטוב. זי איז אַזוי געראָטן אין עטלען; נאָר עפּעס ליכטיקער איז איר פּנים און אויסזען. הענגט אויף דעם לעמפּל אויפן וואַנט. נעמט אַרויס פון איר ראָז־און־בלוי געבלימטן שירץ קאַנווע און רויטע גאָרן. זעצט זיך נאָענט צום פענצטער, הייבט

אַן אויסצוּנייען און פאַרגלייכט איר אַרבעט צו די בלומען, וואָס דער פראָסט האָט אויסגעהאַפּטן אויף די שויבן. זינגט שטיל און זיס:)

**שנירעלע פערל, גילדערנע פאַן,**
**משיח בן דוד זיצט אויבן־אַן,**
**אין גאָלד און זילבער אָנגעטאָן.**
**האָט ער אַ בעכער אין דער רעכטער האַנט,**
**מאַכט ער אַ ברכה איבער גאָר דעם לאַנד.**
**אָמן ואָמן, דאָס איז וואָר,**
**משיח וועט קומען נאָך הײַנטיקן יאָר...**

(פון אַנדערן חדר קומט אַרויס אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, זעט אויס ווי איר מוטער. גייט צו און נעמט זי אַרום, און לאַנג און שטיל, אַן ווערטער, באַדעקט זי איר קאָפּ און באַקן מיט האַרציקע קושן, שעפּטשעט אין דער שטיל מיט אַ ציטעריקער שטימע): **קינד מײַנס, נחת מײַנער... פערעלע, מײַן גאָלד, וואָס באַדאַרפסטו זיך איצטער בלענדן די אויגן?**

**פערל:** כ׳וויל זיי זאָלן זען, ווי שיין איך קען אויסהעפטן.

**מוטער:** וועסט זיך נאָך, חלילה, פאַרקילן, מײַן קינד.

**פערל:** אפשר איז טאַקע בעסער אַזוי.

**מוטער:** זאָל שוין גאָט אויסהיטן.

**פערל:** זאָל איך אפשר אַרײַנברענגען דעם ווײַן פון קעמערל?

**מוטער:** מיר גייט נישט אַרויס פון קאָפּ, וואָס דו האָסט נאָר וואָס געזאָגט.

**פערל:** וואָס האָב איך געזאָגט? גאָרנישט. איך טראַכט, אַז זיי וועלן אפשר גאָרנישט טרעפן דעם וועג.

**מוטער:** דער טאַטע איז געפאָרן אַנטקעגן. אונדזערע פערד ווייסן שוין דעם וועג... מען באַדאַרף פאַרשפּרייטן אַ ווײַסן טישטעך אויפן טיש.

**פערל:** אַט וועל איך עס טאָן.

**מוטער:** דאַכט מיר, זיי פאָרן.

**פערל:** אוי ווײ. מאַמע, וואָס זאָל איך טאָן? מאַמע, גיכער, זאָג

מיר, אפשר איז נישט שיין אזוי; אפשר זאָל איך גאָר אַריינגיין אין קאָמער אַריין? ס'קלאַפּט מיר אַזוי ס'האַרץ... ניין, מען הערט זיי נאָך נישט. אוי, האָב איך זיך עס דערשראָקן?

מוטער: זאָל נאָר דער ווינט נישט פאַרטראָגן דעם וועג. דאַכט מיר, אַז אַ שניי האָט אָנגעהייבן צו פאַלן.

פערל: אַוודאי וועט עס פאַרטראָגן דעם וועג. איך זאָג דיר, אַז זיי וועלן נישט טרעפן אַהער.

מוטער: אַז איך בין געווען כלה־מדדל, באַדאַרפט דיין טאַטן צום ערשטן מאָל באַגעגענען, איז געווען דרויסן זומער. מען איז זיי אַרויסגעגאַנגען צו פוס באַגעגענען, און אַז זיי האָבן אונדז דער־זען פון ווייטן, זענען זיי אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן און געגאַנגען צו פוס.

פערל: פאַרוואָס וואַרטן מיר נישט ביזן זומער?

מוטער: אַז איך בין געווען אַ מיידל האָב איך אַליין נישט גע־וואוסט, וואָס איך וויל און וואָס מיר פעלט. ווי נאָר כ'האָב חתונה געהאַט, האָב איך שוין אַלצדינג געהאַט: מזל און ברכה און נחת און קלאָג מיט צרות אַ פולע שיסל.

פערל: וועל איך אויך האָבן קלאָג מיט צרות?

מוטער: זאָל שוין בעסער דער וואָס אין הימל אויסהיטן.

(מען הערט אַ גערודער.)

פערל: שאַ, מען איז געקומען!

מוטער: איך הער אויך, מען איז געקומען...

(ס'קומען אַריין צוויי מענער. איינער אין די מיטעלע יאָרן און דער אַנדערער יונג.)....

פערל: אוי, מאַמעלע, זיי זענען דאָך געקומען גאָר אַליין.

מוטער: וואָס איז דער מער, פנחס?

פנחס: אָט זעסטו, מיין ווייב, אומזיסט געווען דאָס פאָרן... דער וועג פאַרטראָגן איבער די פלויטן, נישט רעכטס און נישט לינקס. (צום יינגערן) וועסט, חיים, אויסשפּאַנען דעם פערד און פיר אים אין שטאַל אַריין.

חיים: אפשר זאָל מען נאָך פּרואוון ווידער אַ פּאָר טאָן?

פנחס: וואו ט׳מען שוין איצטער פאָרן?

חיים (גייט אַרויס.)

פנחס (צו דער מוטער): ווייסט, שׂרה, וואָס איך וואָלט דיר זאָגן...

שׂרה: מיר רעדן זיך און גאָט ווייסט וואָס מיט זיי איז דאָרטן. פערעלע, מיין קינד, גיי אַוועק פון פענצטער, וועסט זיך נאָך חלילה פאַרקילן.

פנחס: קאָן זיין מען איז גאָרנישט אַרויסגעפאָרן; ס׳האָט אָנגעהויבן צו שנייען, זענען זיי געבליבן אין דער היים. וואָרעם מיט זיינע פערד האָט ער שוין דאָ געדאַרפט לאַנג אָנשפּאַרן... שאַ, מען איז געקומען!...

(די טיר עפנט זיך און ס׳לאָזן זיך אַריין יידן, יידענעס, אַרומגעוויקלט אין פאַטשיילעס און אין בגדים ממש אַ נאָז נישט אַרויסצוזען; טופּען מיט די פיס, אַראָפּקלאַפּנדיק דעם שניי פון די שיך. מען גיט אָפּ דעם גרויסן „גוט־וואָך — גוט־יאָר״. פון די פאַטשיילעס וויקלען זיך אַרויס אַ מוטער מיט אַ טאָכטער. די מוטער פאַלט צו צו שׂרהן, קושן זיך. דאָס מיידל וואַרפט זיך פערלען אויפן האַלדז. די מענער נאָך אַלץ פאַרנומען מיטן אָפּקלאַפּן דעם שניי פון זיך, הוסטן, ניסן, שנייצן די נעז.)

שׂרה: אָט ערשט איצטער קומט ער דאָך אַריין. פּנחס מיטן בחור געפאָרן אַנטקעגן.

פנחס: וועסט גלייבן, יוסל בער, אַז כ׳האָב געמוזט זיין ערגעץ הינטער דיין דאָרף.

יוסל בער: אַזוי גאָר! כאַ־כאַ־כאַ, הערסט, מיין ווייב? איך בין נישט געפאָרן מיטן וועג, געלאָזט די פערד, זאָלן זיי ציען מיט די פעלדער. געוואוסט, זיי וועלן שוין ברענגען וואוהין מען באַדאַרף. מיין יידענע איז שיר נישט געפרוירן געוואָרן. גיי צום אויוון, מאַכלע, וואַרעם זיך אָן.

מאַכלע: אַבי, דאַנקען גאָט, אָנגעקומען. כ׳האָב מיר שוין געהאַט געשראָקן. מאַלע, כ׳וויס, לאָזן זיך שבת־צו־נאַכטס אין אַזאַ וועג אַריין. וואָרעם אין שטוב, אַ מחיה... וואָס טוסטו, פערעלע? זעט נאָר, זי נייט גאָר אויס. גיב, איך וועל דיר דיינע באַקן אָנקושן...

מום... וואַרעמע שמעקעדיקע באַקן. ווי שבתדיקע קיכלעך, אַזוי שמעקן זיי.

שרה: און מיר האָט שוין מיין האַרץ געשראָקן.

פנחס: איך האָב געוואוסט, אַז מען וועט קומען. אָפּגערעדט איז אָפּגערעדט. (נחמן אַריין.) און ר׳ נחמן איז אויך געקומען?

מאַכלע: האָט מורא געהאַט שדכנות אָנצואווערן.

נחמן: כאַ־כאַ־כאַ, טאַקע אַזוי!

פנחס (צום יינגערן): נו, שמחה, וואָס מאַכסטו? מיינסט, אַז מען ווערט אַ חתן באַדאַרף מען זיך האַלטן געפּגרט? וואָס מאַכסטו?

שמחה: וואָס זאָל איך מאַכן? אַ קנאַקעדיקער פּראָסט דרויסן.

מאַכלע: ער איז אין דער מאַמען זיינער געראָטן. אַז מען האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך ווער אַ כלה, בין איך געווען אַזוי צעטומלט, ווי כ׳וואָלט מיך אָנגעגעסן מיט משוגענעם פּאָסטערנאַק... וואָס זאָגט איר, שׂרהשי, צו מיין סאָסיעלען? ווי זיי שיינען ביידע, קיין עין הרע, קיין בייז אויג, וואָלט זיך נאָר מאַכן עפּעס רעכטס, וואָלט, מיינט איר, שוין קיין צייט נישט געווען?

פּערל: הערסט, סאָסיעלע, וואָס די מאַמע רעדט?

סאָסיע: איך? כ׳האָב נישט געהערט.

שמחה: האָסט שוין יאָ געהערט.

נחמן: אַלע מיידלעך ווילן חתנים. וואַרט, לאָמיר נאָר אָקאָרשט פריער איינס אָפּפּטרן.

אַ ייד: איז מקנא איר ברודער, כאַ־כאַ־כאַ.

(זײער עולם לאַכט גוטהאַרציק.)

יוסל בער: איצטער, נחמן, לאַכסטו, האָסט אויסגעפּירט. מיינסט אַוודאי אָן דיר וואָלט מען זיך נישט געקאָנט באַגיין. מען וואָלט שוין געטראָפן דעם וועג אַליין, — וואָס זאָגסטו, פנחס?

נחמן: און דו האָסט טאַקע געמיינט, אַז כ׳וועל דיר פאַרן קעלבל באַצאָלן? כאַ־כאַ־כאַ, אַ שיינע מעשׂה! כ׳וואָלט גאָר אַליין אויף דעם נישט געפּאַלן, דעם אמת זאָגנדיק, מאַכט צו מיר מיין יידענע: שאַ, וואָס באַדאַרפסטו זאָרגן? פיר אויס דעם שידוך מיט פנחסעס מיידל — האָסטו דיר שדכנות.

(אַלע לאַכן.)

יוסל בער: פריער שדכנות אָפּגענומען און דערנאָך ערשט זיך גענומען פאַרן שידוך. — וואָס זאָגסטו, פּנחס?

מאַכלע: איר, ר׳ נחמן, האָט טאַקע אין אמתן שוין געמעגט בלייבן אין דער היים.

נחמן: יידענע, וואָס איר זענט, און ביי מיר, מיינט איר, איז עס גאָר קיין שמחה נישט, וואָס יוסל בער און פּנחס וועלן ווערן מחותנים?

א ייד: וואָס דען, אויף נחמנען קאָן מען זיך פאַרלאָזן, שוין לאַנג געזאָגט.

נחמן: וואָס איז די פּעולה פון רעדן, זאָל מען עפּעס נעמען אין מויל אַריין.

א ייד (קלאַפּט זיך פאַנאַנדער מיט די הענט ווי מיט אַ פּאָר פליגל זיך צו דערוואַרעמען): אָ־אָ, ס׳וואָלט טאַקע נישט שאַטן עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין.

מאַכלע: מיין שוואָגער איז שיר נישט דערפרוירן געוואָרן. כ׳האָב אים אומישנע פאַרהאַלטן איבער שבת. זאָל ער אויך נחת האָבן.

דער ייד: מיין יידענע וועט נישט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן.

פּנחס: טאָ גיי טאַקע, מיין ווייב, און דערלאַנג צום טיש.

פּערל: העלף מיר, סאָסיעלע, גרייטן צום טיש. קום מיט מיר אין קעמערל.

מאַכלע (נעמט זי איבער אין טיר, קושט זי): בלייב איצטער אין שטוב, מיין קינד. די מאַמע וועט גיין, אָדער איך אַליין וועל גיין, און אַז מען האָט נאָך נישט מקבל־קנין געוועזן, איז וואָס? ביי מיר איז זי שוין פאַררעכנט פאַר מיינס אַ קינד.

סאָסיע: כי־כי־כי, מיך, מאַמע, האָסטו גאָרנישט אַזוי ליב. אָט וועלן מיר גאָר, פּערעלע, דעם טיש אַרויסנעמען אויפן מיטן שטוב, וועלן אַלע זיך קאָנען אַרומזעצן.

נחמן: נו, שמחה, יונגאַטש איינער, איצטער שווייגסטו. זאָג, איז נחמן — אַ לאַכמען? אָדער... איצטער שווייגט ער! קאָן גאָר ס׳מויל נישט עפענען. וועסט שוין אָנלייגן היי אין וואָגן אַריין, וועט נחמן וועט דורכפאָרן? יונגאַטש איינער, וועסט שוין זשאַלעווען היי, שייגעץ איינער? כ׳בעט אים אַנומלט, ער זאָל מיר אָנלייגן אַ קעלניע היי,

מאַכט ער צו מיר: שוין לאַנג, רב נחמן, אַז אייער פערדל איז איידל געוואָרן? איי, דו שייגעץ איינער, גיב מיר נאָר אַן אויער, וועל איך דיר אים אַזוי אָנדרייען... ע, ער לאָזט זיך נישט דער יונגאַטש.

(דער עולם לאַכט גוטמוטיק.)

שרה (ברענגט אַריין פון צווייטן חדר משקה און פאַרבייסעכץ.)

פערל: וואַרט, וואַרט, מאַמע, איך וועל אַראָפּנעמען פון טאַץ.

פּנחס: זאָל מען זיך זעצן צום טיש.

נחמן (פאַרקוקט אין אויוון): עפּעס זע איך דאָרט אין אויוון. דאַכט מיר, קאַרטאָפל זאָל עס זיין.

יוסל בער: ווי ער האָט דערשמעקט! כאַ־כאַ־כאַ.

נחמן: דערלאַנגט עס צום טיש, וועט צוניץ קומען.

פּנחס: דערלאַנג טאַקע צום טיש.

שרה: וואָס דו רעדסט? און אַן דעם איז חלילה נישטאָ וואָס אין מויל אַריין צו נעמען?

יוסל בער: יידענע, דערלאַנג עס אַהער. ס׳וועט גאָר פריילעכער ווערן, אַז די פּאַרע וועט אַ זעץ טאָן צום פּולאָפּ.

שרה: איר מיינט, כ׳האָב זיך נישט געגרייט? אָנגעבאַקן פון אַלדאָס־גוטס. אַ פולע שאַפע, קיין עין הרע, מיט קיכלעך און מיט פלאָדן. פּערעלע איז מיט מיר אַ גאַנצע נאַכט געזעסן.

מאַכלע: הלוואי אויף אַלע מיינע גוטע פריינט געזאָגט גע־וואָרן.

(מען זעצט זיך צום טיש. מען גיסט אָן און מען טרינקט לחיים.)

מאַכלע (וויל אַרויסנעמען דעם טאָפּ פון אויוון.)

שרה: זאָל איך צער האָבן, מאַכלעשי, אויב איך וועל עס אייך לאָזן.

פערל: לאָזט מיר, איך וועל עס.

סאָסיע: לאָזט גאָר מיר, דו ביסט דאָך אַ כלה, באַדאַרף מען דאָך אַלץ טאָן פון דיינעטוועגן.

שמחה: עך, לאָזט מיר נאָר צו צום אויוון. אַוועק, מיידלעך! מיט אייערע הענט...

(דער עולם לאַכט צופרידן, ווי דער חתן שלעפּט אַרויס פון אויוון

אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפל. עס שלאָגט פון טאָפּ אַ פּאַרע און צעגייט זיך איבערן גאַנצן שטוב.)

פּערל: לאָזט מיר אָפּזייען דאָס וואַסער.

שמחה: כ׳קאָן אַליין. לאָזט, מיידלעך, איר וועט זיך אָפּבריען די הענט. כ׳קאָן אַליין, אָט אַזוי. אַך, ווי די פּאַרע זעצט אין פּנים אַריין. נו, איצטער שוין, קאָנט עס דערלאַנגען צום טיש. כאַ־כאַ־כאַ.

נחמן: קום אַהער שמחה צום טיש. זיץ מיט די מאַנסבילן, לחיים, לחיים, יידן. פּנחס און דו, יוסל־בער, לחיים! מיין יידענע וועט נישט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן, וואָס כ׳בין אויף שבת נישט געקומען. נאָר אַז כ׳וועל איר דערציילן, אַז איך האָב דעם שידוך אויסגעפירט, וועט עס איר הנאה טאָן. זאָל זיין מיט מזל. לחיים!

מאַכלע: הלוואי, רבונו של עולם. וואָס באַדאַרף איך נאָך מער?

שרה: איר, ר׳ נחמן, וועט אייך גאָט געבן און איר וועט נחת האָבן פון אייערע קינדער.

נחמן: וואָס דערלייג איך צום רבונו של עולם? האָב איך אפשר אַ שלעכטן שידוך געטאָן מיט מיין טאָכטער? האָט קיין עין הרע פיינע קינדערלעך — לחיים!

פּנחס: לחיים! לחיים, יוסל־בער! אָט זעסטו, וויפל מאָל בין איך דורכגעפאָרן מיטן וועג פאַרביי דיינע פענצטער? און וויפל מאָל האָב איך דעם פערד אָנגעהאָנגען די טאָרבע הינטער דיינע פענצטער — און ס׳איז מיר גאָר אין קאָפּ נישט אַריין אַזאַ זאַך — כאַ־כאַ־כאַ...

נחמן: אָבער נחמן האָט עס נאָך פריער געוואוסט.

מאַכלע: וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן, ווי זאָגט מען עפּעס? די וועלט איז זיך גרויס און איך קען מיר זיך אַליין. כ׳האָב געטראַכט: זאָל זי מיר נאָר אויסוואַקסן... געדענקסט, פּערעלע, פּאַראַיאָרן, ווען דו ביסט ביי אונדז געבליבן איבער שבת? זונטיק האָט מען גע־שלאָגן פּוטער, איז עפּעס האָט מיר עמיצער דער בהמה אַ גוט אויג געגעבן און די פּוטער האָט זיך נישט געוואָלט אויסשלאָגן; געוואָרן שרויטעלעך און נישט געקאָנט צונויפנעמען אין דער קאַלטושקע, כאָטש טו זיך אָן אַ מעשה, מיינע שונאים. זאָגט זי צו מיר: לאָזט נאָר מיר, מאַכלעשי, איר׳ט זען ווי ביי מיר וועט זיך עס אויסשלאָגן איינס און

צווייי. און וואָס מיינט איר? די פוטער אַרויסגעקומען, גאָר אַ מחיה געווען צו קוקן.

(זי ציט צו זיך פּערלען, קושט זי און בלאָזט זי אָפּ.)

פּערל: געדענקסט, סאָסיעלע, ווען ס'איז געווען?

שרה: ווען נישט ר' נחמן טאַקע... כ'האָב געמיינט נאָך וואַרטן ביז די בהמה וועט זיך קעלבן, אפשר וועט גאָט געבן ט'זיין אַ יאַלעש־קעלע, וואָלט מען עס געהאָדעוועט.

פּערל: און איצטער אויב ס'וועט זיין אַ יאַלעשקעלע וועט מען עס טאַקע אויך האָדעווען.

יוסל בער: לחיים! ווייס איך דאָרט וואָס. איך זאָג מיר מיינס, אַז איך באַדאַרף נישט האָדעווען קיין קעלבער, וואַרטן דריי יאָר, אַז איך גיי מיר אַוועק אין דאָרף אַריין און כ'קלויב מיר דאָרט אויס אַ בהמה וואָס מיר געפעלט. באַצאָלט און פיר צו זיך אין שטאָל אַריין.

שמחה: אַבי נאָר אַ שטריקל — כאַ־כאַ־כאַ.

סאָסיע: איך האָב געזאָגט דער מאַמען פּאַראַיאָרן, ווען פּערל איז געווען ביי אונדז. מיר האָבן יעמאָלט שוין אָפּגעמאַכט, אַז זי וועט נעמען שמחהן און טאַקע וואוינען ביי אונדז און איך וועל ניאַנטשען אירע קינדער.

מאַכלע: מאַמעלעך מיינע, איר הערט שרהשי?

(אַלע לאַכן.)

פּערל: גיי, וואָס האָסטו עס דערציילט?

יוסל בער: כ'האָב מיר אַביסל אָנגעוואַרעמט. לחיים! מילא, געלעכטער אָן אַ זייט. וואָס זאָגסטו, פּנחס? אַ קינד איז אַ קינד — וואָס, נישט? מען ט'חתונה מאַכן פריער דעם יינגל; דערנאָך ט'מען חתונה מאַכן די טאָכטער אויך. ווי זאָגט מען עפּעס? אַז מען קאָשעט באַגינען מיט דער ראָסע, גייט גאָר גרינגער די קאָסע. האַ, וואָס, נישט? ביי יידן איז ווי ביי יידן.

פּנחס: מען וועט זיך נאָך באַדאַרפן אַביסל מיישב זיין.

יוסל בער: וואָס איז דער חילוק? אַז איך רעד נישט, טאָ וואָס האָסטו צו רעדן? מען ט'קאָנען רעדן נאָך דער חתונה, אַז

גאָט וועט געבן, דו וועסט געבן צושטייער: איך וועל געבן צושטייער. ווילסטו זיי האָבן ביי זיך, טאָ האַלט זיך זיי געזונטערהייט; ווילן זיי זיין ביי מיר — איז די שטוב, קיין עין הרע, גענוג גרויס. אלא ס׳וועט זיי נישט אָנשטיין צו וואוינען מיט טאַטע־מאַמע, וועלן האָבן חשק זיך אָפּצוטיילן — וועט מען איינשפּאַנען דיינע פערד, מיינע פערד, מען ט׳פאָרן אין וואַלד אַריין, מען ט׳אַראָפּלאָזן עטלעכע ביימער, אָנידערשטעלן טראַטשעס — אָנשניידן ברעטער, קלעצער, און — כאַ־כאַ־כאַ, וואָס, נישט?

נחמן: וואָס האָב איך געזאָגט, פּנחס? ער האָט מיר נישט געוואָלט געטרויען, אַז איך זאָג עס צו אים. ניין, זאָגט ער, יוסל־בער וועט זיך ברעקלען, וועט וועלן נדן פאַרן יינגל. זאָג איך צו אים: דו קענסט נישט יוסל בערן. יוסל בער, זאָג איך צו אים, האָט אַ ברייט האַרץ. יוסל בער, זאָג איך צו אים, זוכט דעם קרן, און דאָס איז אַלץ. לחיים!

יוסל בער: איך וויס מיר מיינס. איר טאַטע האָט מיר אויך גאָרנישט געגעבן און דער וואָס אין הימל האָט נישט פאַרלאָזן. כ׳האָב געזאָגט צו נחמנען: כאַפּ זיך אַריבער, רעד איבער מיט פּסחן, זאָג אים... וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן — לחיים!...

שמחה: פון אייער גאָרטן אַזעלכע מעליקע קאַרטאָפל?

פערל: אַוודאי פון אונדזער גאָרטן.

פּנחס: גאַנצע זעקס גריבער הינטערן שטאַל באַגראָבן. קריגסט דיר צוויי גריבער קאַרטאָפל אַ מתנה, אויב זיי געפעלן דיר.

פערל: שאַט נאַר, וואו איז חיים?

שרה: וואו איז טאַקע חיים? ער איז דאָך גאָר געגאַנגען אַריינפירן דעם פערד אין שטאַל אַריין.

שמחה: איך וועל גיין זען וואו ער איז.

שרה: וואו ס׳טו שוין איצטער גיין, מיין קינד.

נחמן: זאָל מען מקבל קנין זיין. דערנאָך וועט מען גיין זען, וועט נישט פאַרפאַלן ווערן.

(דערלאַנגט זיין טיכל צו יוסל בערן און צו פּנחסן. מען איז מקבל קנין. די ווייבער נעמען זיך אַרום און קושן זיך און ווישן די טרערן און דערנאָך, אָן ווערטער, קושט שרה שמחהן און מאַכלע האַלדזט

לאַנג פּערלען. סאַסיע נעמט אויך אַרום פּערלען און זי קושן זיך. די מענער זענען אַביסל בגילופינדיק, ערנסט, כאַטש דעם גלייכגעוויכט פאַרלאָרן.)

יוסל בער: אָט אַזוי, פּנחס, גיב מיר נאָכאַמאָל אַ האַנט... און דו, מיין זון, ווייסטו וויסן ווי אַזוי זי צו שאַנעווען?

שרה: איך פאַרהאָף צו גאָט.

חיים (קומט אַריין אַ פאַרשנייטער.)

פּנחס: אָט איז ער!

פּערל: וואו ביסטו געווען אַזוי לאַנג?

חיים: כ'האָב אויסגעשפּאַנט די פערד און פאַרפירט זיי אין שטאַל אַריין. כ'האָב זיי געגעבן אַ טרונק; זענען זיי געווען פאַר־שוויצט. האָב איך זיך מיט זיי אַביסל דורכגעלאָפן.

פּנחס: קום צום טיש און מאַך אַ ברכה.

שרה: קאַנסט אונדז אָפּגעבן מזל־טוב.

חיים: מזל־טוב, לחיים! אייער קאַשטאַנעוואַטער, ר' יוסל בער, האָט אַביסל אַ גראָבלעכן קאַרק. איר באַדאַרפט האָבן פאַר אים אַ גרעסערן כאָמוט אָדער אפשר גאָר שפּאַנען אין דער שלייע.

יוסל בער: ער איז גערעכט, ווי איך בין אַ ייד. כ'האָב עס אַליין שוין געטראַכט.

אַ ייד: דאָס איז שוין איינמאָל אַן אויג. ביינאַכט אין דער פינצטער צו דערקענען — כאַ־כאַ־כאַ.

שרה: ער איז שוין איינמאָל אַ בעל הבית. געראָטן אין זיין עלטערן ברודער, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

חיים: וואָס לויבט איר מיך אַזוי, מומע? איר ווייסט, אַז ווען איר זייט מיינע אַ מומע און נישט קיין עלטער־מומע, וואָלט איך נאָך אפשר געווען געראָטן אין פּערלען אויך... לחיים, לחיים!

יוסל בער: ער קערט אַריין גאָר נישקשהדיק.

נחמן: ווערסט אים אָפּלאָזן, פּנחס, אַז כ'וועל וועלן?

חיים: דער פעטער האַלט מיך נישט צו. איך גיי אַליין נישט.

שמחה: כאַ־כאַ־כאַ, ער איז טאַקע אַ חכם.

יוסל בער: זאָל נחמן פאַר אים עפּעס אַ שידוך אויסזוכן. נאָך פאַראַן יידן אויפן דאָרף.

חיים: איצטער איז מיר וואַרעמער, לחיים, שׂמחה, דיר איז גוט...
האָ... לחיים, יידן! לחיים, סאָסיע. ביסט טאַקע נאָכגעלאָפן דיין ברודער, האָ?

(ווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן. שטאַרק אויפגערעגט, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס וויכטיקס זאָגן און קאָן נישט.)

יוסל בער (האַלט זיך שווערלעך אויף די פיס): קום נאָר אַהער, חיים. וואָס זאָגסטו, פּנחס? האָ, פיו... דער קאָפּ דרייט זיך מיר אַביסל און כ׳ווייס גאָרנישט וואו כ׳בין אין דער וועלט. פיו...
אַביסל צו שטאַרק די משקה דיינע, פּנחס... וואָס זאָגסטו, פּנחס? שאַ, וואו איז זי?...

מאַלכע: ווען זוכסטו?

יוסל בער: דיך זוך איך טאַקע. קום נאָר אַהער. ביסט דאָך די מאַמע, זאָל עס גיין אַ גאַנג, אַז עס גייט שוין, האָ? וואָס זאָגט איר, ר׳ נחמן? איר ט׳קריגן נאָך אַ קעלבל; און צוויי קעלבלעך אויך.

מאַלכע: וואָס מיינסטו, יוסל בער?

יוסל בער: פּנחס, ביסט דאָך זיינער אַ פעטער! קיין טאַטע נישטאָ, טאָ קאָן מען דאָך מיט דיר רעדן. זאָל עס גיין אַ גאַנג, אויב עס גייט שוין אַזוי. האָסט אין דער פינצטער דערזען אַז דער קאַשטאַ־נעוואַטער האָט אַ גראָבן קאַרק און באַדאַרף גיין אויף דער שלייע — ביסטו אַ כוואַט. האָב איך דיר דערפאַר האַלט... מיינסטו, כ׳ווייס נישט, אַז דו האָסט אויף סאָסיען אַן אויג געוואָרפן? כ׳ווייס. טאָ וויל איך דיר פרעגן: וועסטו נעמען מיין טאָכטער אָן נדן?

שרה: מאַמעלעך מיינע!

חיים: האָ?

פּערל (קושט סאָסיען. סאָסיע באַהאַלט דעם פּנים.)

יוסל בער: הערסט דאָך, וואָס מען רעדט צו דיר. וואָס מאַכסטו זיך געפּגרט? ביסט דאָך געקומען יעמאָלט שבת, טאָ ענטפער אויף וואָס איך פרעג דיך? וועסט נעמען מיין טאָכטער אָן נדן — האָ?

פּנחס: כאַ־כאַ־כאַ! — —

נחמן: און איך, שוטה, מיר איז עס גאַרנישט איינגעפאַלן.

יוסל בער: וואָס, דו קווענקלסט זיך? ווילסט טאַקע נדן?

חיים: זאָל די מאַמע אויך זאָגן אויב איך געפעל איר.

נחמן: אָבער סאָסיע געפעלט דיר, יונגאַטש איינער?

חיים: אַוודאי געפעלט זי מיר, און כ׳בין אייך מוחל אייער נדן, קאָן נאָך מיין שטעטל באַשטיין.

יוסל בער: אַ דו שייגעץ איינער, מיינסטו אָבער דאָ אין שטוב וועט מען שוין מקבל קנין זיין? ביידע שמחות ביי פנחסן אין שטוב! גיי, זיי־זשע מוחל, און שפּאַן איין די פערד און צו מיר וועט מען איצטער פאָרן. איידאַ, צו מיר אַלע!

נחמן: אַט וועל איך מיט דיר מיטגיין, דו יונגאַטש איינער.

חיים: קום סאָסיע, אויך.

(לויפט אַרויס.)

מאַכלע: מאַמעלעך מיינע! וואָס זאָגט איר דערצו, שרהשי? מיין האַרץ ווערט מיר צעשמאָלצן.

פנחס: אַט וועל איך אַרויסגיין העלפן איינשפּאַנען.

(גייט אַרויס.)

יוסל בער: פּאַקט זיך איין, ווייבער!

שרה: כ׳וועל טאַקע אַלצדינג איינפּאַקן, מיטנעמען.

יוסל בער: משקה פאַראַן ביי מיר אויך, נאָר פאַרבייסעכץ פאַרכאַפּט.

פערל: קום, סאָסיעלע, העלף מיר אַפּרוימען פון טיש... האַ, דיר גלייבט זיך עס גאַרנישט? לאָז, וועל איך דיר געבן אַ קוש. אוי, דיינע באַקן זענען ווי פייער, סאָסיעלע... לאָמיר די אַלע פאַרבייסעכצן פאַרבינדן אין טישטעך און אַריינלייגן אין וואָגן אַריין.

יוסל בער: שפּעטער ט׳איר אויך אַזוי לעבן בשלום? כ׳וועל אייך נישט אַרויסלאָזן פון שטוב. איר הערט, מחותנתטע, כ׳וועל זי נישט אָפּלאָזן פון זיך.

סאָסיע: לאָמיר שוין די כלים אויך אַראָפּנעמען פון טיש.

מאַכלע: זע נאָר ס׳אַראַ בריות.

**יאסל בער: טוט זיך אָן, וויקלט זיך גוט אַרום.**

**שרה: פּאַק איין די פּלעשלעך מיט די גלעזלעך, זאָל נישט צע־בראָכן ווערן.**

**חיים** (קומט אַריין): **פּאַרטיק? איינגעשפּאַנט.**

(פּנחס און נחמן קומען אַריין.)

**פּנחס: דרויסן שטילער געוואָרן. דער ווינט שטעלט זיך.**

**יאסל בער: לאָמיר נעמען נאָך צו ביסלעך, שוין פּאַרפּאַקט. אַט וועל איך נאָך נעמען אַביסל... לחיים! לחיים! אַ שׂמחה, — ביי דיר אין שטוב. אַ שׂמחה ביי מיר אין שטוב. נישט מבזה זיין מיין שטוב אויך.**

**שרה: וויקלט זיך אַרום, קינדערלעך.**

(דער עולם קלויבט זיך אַריין צוריק אין די ווינטערדיקע קליי־דער.)

**חיים: לאָז, סאָסיע, וועל איך דיר פאַרבונדן די פּאַטשיילע פון הינטן.**

**סאָסיע: צי נישט אַזוי שטאַרק, וועסט מיך דערשטיקן!**

**שרה** (דרייט אַראָפּ דעם לעמפּל און טראָגט אים אין אַנדערן חדר אַריין. קומט באַלד אַרויס צוריק. דער עולם גייט צוביסלעך אַרויס שטיל. דער רויטער שיין שלאָגט פון אויוון און צעגייט זיך אין אַ ראָד אויף דער פּאָדלאָגע.)

(מאיר חיים, חנה און עטל קומען אַריין.)

**חנה: וואַרעם אין שטוב, אַ מחיה. וואו איז די באָבע?**

**עטל: זי האָט געוואָלט אויפן אויוון, געווען שלעפעריק. זעסט ווי שיין דער פייער שלאָגט זיך אָפּ אויף דער פּאָדלאָגע?**

**מאיר חיים: אַ שאָד, וואָס זי איז איינגעשלאָפן. געקאָנט איר אָנוואַרעמען אַ זופּ מילך.**

**חנה: זינט זי האָט אויפגעהערט צו זען איז זי אויף נאָכאַמאָל אַזוי פיל געעלטערט געוואָרן.**

**עטל: אָבער זע נאָר, ווי ס'האָט זיך אין אויוון צעפלאַקערט!**

**פּערל: מזל־טוב!**

**חנה: שאַ נאָר, דאַכט זיך מיר, זי שרייט פון שלאָף.**

עטל: מזל־טוב שרייט זי... הערסט? אט וועל איך זי אויפ־וועקן. באָבע, שטיי אויף! די בהמה האָט צוגעלאָזן, קום אַראָפּ, וועסטו טרינקען מילך!

(גייט אינם אַנדערן חדר.)

חנה: אָט לאָז איר בעסער שלאָפן.

מאיר חיים: זאָל זי אַראָפּ פון אויוון עפּעס איבערכאַפּן.

עטל (איר שטימע פון אַנדערן חדר): קום אַראָפּ, באָבע, פון אויוון. כ'האָב אפשר צוויי גלעזער מילך אָנגעמאָלקן. כ'וועל פאַר דיר פאַרבריען חלה. אָט אַזוי, קום אַראָפּ. שטעל אַ פוס, אָט דאָ...

חנה: ס'אַראַ גילדערנע האַרץ זי האָט.

מאיר חיים: די באָבע האָט זי טאַקע דערפאַר אַזוי האָלט.

(די אַלטע קומט אַריין, געפירט פון עטלען.)

חנה: וואָס האָט איר געשריען פון שלאָף, שוויגער?

עטל: מזל־טוב האָט זי געשריען. אמת, מזל־טוב האָסטו געשריען, באָבע?

די אַלטע: וואָס עס קאָן זיך עס אָנפּלעטשען אין קאָפּ. ט'זיך מיר געחלומט, אַז כ'בין נאָך אַ מיידל... אוי ווי, וואָס עס קאָן זיך אָנדראָליען. דער גאַנצער תנאים האָט זיך מיר געחלומט. חיים, זאָל זיין אין גן עדן, איז דאָך מיר געקומען צו חלום. אוי ווי איז מיר, סאָסיעלע איז דאָך אויך מיר געקומען צו חלום...

חנה: מסתמא וועט עס זיין צום גוטן. קומט, שוויגער, צום אויוון, וועט איר זיך אָנוואַרעמען.

די אַלטע: וואו ביסטו, עטעלע... אַז איך ניי אויס די פּראָסט־קוויטן פון די פענצטער מיט רויטע גאַרן אויף קאַנווע, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, און אַז איך זינג יענע לידעלע, וואָס כ'האָב דיר געלערנט... ווייסט דאָך.

(זינגט.)

שני—רע—לע פּערל, גיל—דער—נע פּאָן,
משיח בן דוד זיצט אוי—בן אָן...

— — — — — — — — — — — — — —

